# דער בונט אויף דער פּאַנצער-שיף „פּאָטיאָמקין“

ג. סלאָנימסקי

רוסלאַנר אויפן שיידוועג

גראַשן-ביבליאָטעק



22

פּרייז 30 גראָשן



ג. סלאָנימסקי

# דער בונט אויף דער פּאַנצער=שיף „פּאָטיאָמקין“



פאַרלאַג „גראָשן=ביבליאָטעק“

וואַרשע 1930

## .1

דער שווארצער ים איז, ווי זיין שטייגער איז — בייז און אומרואיק. ער איז דער אומרואיקסטער ים פון אלע ימים, וועלכע טוליען זיך צו צו דער רוסישער ערד. ס׳איז זומער, דער אומרואיקער זומער פון 1905. עס שטורעמט דער ים און עס ברויזט די יבשה. איבער דעם אומענדלעכן שטח פון רוסלאנד טראגט זיך פונאנדער א געשריי פון צארן און עס ביילן זיך מיליאנען פויסטן. אויך די כוואליעס פון ים זענען שטורמי־שער, ברומענדיקער, ווי געוויינלעך.

אויף די שווארץ־בלויע וואסערן פון שווארצן ים טראגן זיך מוראדיקע, שטאלערנע קאלאסן פון רוסישן פלאט. ס׳איז דער חודש יוני — די צייט פון מאנעוורעס. די גרעסטע פאנ־צער־שיף „קניאז פאטיאמקין" קלעטערט שווער מיט איר מעכ־טיקן בויך אויף די אומרואיקע כוואליעס און גרייט זיך אנ־טייל צו נעמען אין די מאנעווורעס. ווי א שווארצער, גיגאנ־טישער מכשף זעט אויס דער „פאטיאמקין". אינגאנצן איינ־געהילט אין שטאל, מיט צענדליקער שווארצע אויגן־לעכער, פון וועלכע עס קוקן ארויס פיסקעס פון הארמאטן.

אינעווייניק איז א גאנצע מלוכה. א באוועגונג, ווי אויף איינע פון די באלעבטסטע, גרויסשטעטישע גאסן, נאר מיט דעם חלוק, וואס דא איז דער גרעסטער טייל איינגעשמירט אין סאדזע, פארקאפטשעט, פארדרויכערט, מיט ארויפגעשארצ־טע ארבל און אנטבלויזטע, האריקע ברוסטן. פון איין ארט צום אנדערן לויפן מאטראסן און פירן אויס די באפעלן פון די אפיצירן. די הייצערס שטייען כמעט נאקעטע און שליי־דערן אין פייער אריין לאפאטעס קוילן. זייערע פנימער זע־נען רויט פון די פייער־צונגען און די מוסקולן פון זייערע הענט און ברוסטן — אנגעדראלן. די קעסלען הוזשען, די שרויפן

קרעכצן שווער, דער ראמף זעצט מיט א ווילדער שנעלקייט. דער „פאטיאמקין“ איז אין פולן גאנג.

עטלעכע מאטראסן האבן זיך אפגעשטעלט אין זייער כסדרדיקן געלויף און זיך געזעצט אפרוען אויף א גרויסן קלאץ.

— קאשובא, וויפיל טעג אין חודש האבן מיר היינט? — האט געפרעגט א יונגער מאטראס מיט בלויע, גוטמוטיקע אויגן ביי זיין חבר, — ארבעטסט אזוי שווער, ברודערקע, אז מען פארגעסט גאר, ווי מ'האלט אין דער וועלט.

— ווארט נאר צו, כ'זאג דיר שוין, — האט קאשובא ארויסגעשלעפט פון זיינע לאנגע מאטראסן־הויזן א פארפעצט לוחל, — הם... היינט—באלד, כ'מוז אויסרעכענען, --- היינט איז דער דרייצנטער יוני.

— ברידער, ווער פון אייך האט א צייטונג?—האט קאשובא געפרעגט, — שוין לאנג נישט געלייענט, וואס עס הערט זיך עפעס אין לאנד.

— א פייער האט אלץ ארומגעכאפט! — האט איינער פון די מאטראסן, א געוויסער מאטושטשענקא, זיך אנגערופן.

— די רעוואלוציע גייט פארויס, הא? — האט דער מאטראס קאשובא שטיל געפרעגט און זיך אומגעקוקט, צי אימיצער הערט נישט אונטער דעם שמועס. — ווייז די צייטונג, מאטושטשענקא, וואס שרייבן זיי?

מאטושטשענקא האט ארויסגענומען זיין צייטונג, זי אויסגעשפרייט און אלע האבן גענומען אין איר ארייננקוקן. ער האט גענומען לייענען מיט אן איינגעהאלטענער שטים די ידיעות וועגן דער שטרייק־כוואליע, וואס האט זיך צוגאסן איבערן גאנצן לאנד, וועגן הריגות, אטענטאטן, פאליציייאישן טעראר און אויפשטאנדן אין פארשידענע שטעט.

— וואלט איך געוואלט איצט זיין אינדערהיים! — האט זיך אנגערופן דער מאטראס דימטשענקא, א ברייטביייניקער, פעסטער פארשוין. זיין שטים האט הילכיק אפגעקלונגען מיט א מעכטיקן טעמבער און, אנקוקנדיק אים, האט מען געהאט דעם איינדרוק, אז מ'זעט פאר זיך די אמתע געשטאלט פון

הערקולעסן. — דאָ זענען מיר דאָך ווי געפאַנגענע. וואָס קאָ־
נען מיר דאָ אויפטון?

— נישט אַזוי הויך! — האָט אים קאָשובאַ אויפמערק־
זאַם געמאַכט, — ווען אַן אָפיציר זאָל דערהערן — ביזטו אַ
פּאַרטיקער.

— גענוג מיט דער מורא פאַר די אָפיצירן! — האָט מאַ־
טושטשענקאָ שאַרף אַ זאָג געטון און זיינע גרויסע ברעמען
איבער די אויגן האָבן זיך צאָרניק צוזאַמענגעצויגן, — די
דאָזיקע חברה דרייט זיך אַרום פּוסט און פּאַס, פרעסט, זויפט,
הוליעט. איר האָט געהערט נעכטן זייער געזאַנג? מ׳האָט גע־
שיכורט ביז אינדערפרי. און מיר? מ׳לאָזט נישט אפילו אָפּ־
עטעמען, פאַר דער קלענסטער קליינינקייט—שטראָף. דאָ איז
אַן אמתע תפיסה!

— מיר האָט אַן אָפיציר נעכטן געגעבן אַ פּאַטש און
אויסגעהאַקט צוויי ציין, — האָט דער מאַטראָס זאַמאָשניקאָוו
דערציילט, — און ווייסט איר פאַרוואָס דאָס איז געשען?
ווייל איך האָב אים נישט אַזוי שנעל אָפּגעגעבן „טשעסט“.
אַזאַ סוקין סין!

— איך וואָלט אים געגעבן צוריק אין צורה אריין! —
האָט אויסגעשריגן דימטשענקאָ, — וואָס זענען מיר, מענטשן
אָדער הינט, איך פאַרשטיי באמת נישט!

— מיר זענען טאַקע מענטשן, אָבער זיי האַלטן אונז
פאַר הינט! — האָט געזאָגט מאַטושטשענקאָ און, אומקוקנדיק
זיך, האָט ער פלוצלינג געגעבן אַ צייכן — שטילער, חברה,
אונזער קאָמאַנדיר גייט!

די מאַטראָזן האָבן זיך שנעל אויפגעהויבן פון די ערטער
און זיך צולאָפן, בלויז דימטשענקאָ איז געבליבן זיצן און פאַר־
רויכערט אַ ליולקע.

— וואָס פאַר אַ רג איז היינט? — האָט ער דערהערט
דעם קאָמאַנדירס געשריי — צו דער אַרבעט, באַלוואַן!

דימטשענקאָ האָט נישט געענטפערט. ער האָט בלויז
אָנגעקוקט די בייזע אויגן פון קאָמאַנדיר און אַ שמייכל גע־
טון. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט און, שפּרייזנדיק מיט

זיינע מאַסיווע טריט — געגומען אונטערפייפן. דער קאָמאַנ־דיר איז אַ צעיושעטער צוגעלאָפן צו אים און אַראָפּגעלאָזט אויף דימטשענקאָס באַק אַ פייערדיקן פּאַטש. דימטשענקאָ האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי דער באַק און אויפגעהויבן אַ האַנט, גרייטנדיק זיך צוריקצושלאָגן. ער האָט אָבער תיכף אַראָפּגע־לאָזט די האַנט, ווי ער וואָלט מורא געקריגן און איז שנעל אַנטלאָפן.

די דאָזיקע באַציאונג פון די אָפיצירן צו די מאַטראָסן איז שוין כמעט געוואָרן אַ גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג. די מאַטראָסן האָבן געוואוסט, אַז די אָפיצירן שלאָגן פאַר יעדער קלייניקייט. און ווען דימטשענקאָ איז געקומען צולויפן צו זיי־נע חברים און מיט אויפרעגונג דערציילט, אַז דער קאָמאַנ־דיר האָט אים געפּאַטשט, האָט שוין דאָס קיין באַזונדערן איינ־דרוק נישט געמאַכט. מאַטושטשענקאָ האָט נאָר געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו נישט צוריקגעגעבן?

— אין דער ערשטער מינוט — גרייט געווען אים צו דערהרגענען, אָבער באַלד, ברודערקע, מורא געקריגן, געטראַכט, אַז ער קאָן דערשיסן אויפן אָרט. און לעבן ווילט זיך דאָך! אַ ביטער עסק, מיין פריינט!

ס׳איז אָנגעקומען די נאַכט. די מאַטראָסן האָבן זיך שוין געגרייט צו רוען. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע: וואַך זיין! ס׳האָט זיך דערנענטערט דאָס טאָרפּעדאָ־שיפל נומער 267, וואָס האָט געבראַנגט מיט זיך פּראָוויאַנט פאַר דער שיף־מאַנשאַפט פון „פּאָטיאָמקין“. די מאַטראָסן האָבן געשלעפּט אויף די לייטערס שווערע קוישן מיט עסנוואַרג, ס׳האָבן זיך געהערט באַפעלן, אויסגעשרייען, עכט רוסישע זידלערייען. דאָס האָבן די אָפיצירן קאָמאַנדעוועט מיט די מאַטראָסן. אַ גרופּע געזונטע יונגען האָבן אויף די פּלייצעס געשלעפּט צען פּודיקע שטיקער פלייש און עס אויפגעהאָנגען אויף גרויסע שטאַנגען אויף דער סאַמע אויבערשטער דעק פון דער שיף. איבער דער גאַנצער דעק זענען איצט געווען אויס־געהאָנגען ריזיקע פלייש־פערטלען.

אָפּטוענדיק די דאָזיקע שווערע אַרבעט, איז דער גרעס־

טער טייל פֿון די מאַטראָסן אַוועק שלאָפֿן. איבערגעבליבן זע־
נען בלויז די דיזשורירנדיקע הייצערס און סיגנאַליסטן. די
נאַכט האָט זיך צעלייגט אויפֿן ים און פֿאַרדעקט דעם שווימענ־
דיקן מחבל, וועלכער האָט אין זיינע געדערים געטראָגן מענטש־
לעכע אומטערדריקונג, פּיין און געצווימטן האַס. די כוואַליעס
האָבן זיך בייז אָנגעשלאָגן אין דעם געפּאַנצערטן שטאָל און,
ווי זיך געוואָלט אַדורכרייסן, כדי צוזאַמען מיט דעם אויפֿגע־
ברויזטן צאָרן פֿון די מאַטראָסן צורייסן די פֿעסטע צוים פֿון
פֿאַרקנעכטונג...

צומאָרגנס דעם 14־טן יוני איז דער הימל געווען אַ
פֿאַרוואָלקנטער און דער ים איז געווען גרינלעך־שוואַרץ און
אָנגעבראָגזט. די מאַטראָסן האָבן אָנגעהויבן זייער טעגלעכע
אַרבעט. די שטימונג איז געווען אַ שווערע. מ׳האָט ווייניק
צווישן זיך גערעדט, נאָר נעקוקט אויף די אָפֿיצירן, וועלכע
זענען שמייכלנדיקע אַרומגעגאַנגען איבער דעם צווייטן דעק
און זאָרגלאָז צווישן זיך גערעדט.

דער מאַטראָס זאַמאָשניקאָוו איז אַרויף אויף דעם אויי־
בערשטן דעק און באַטראַכט דאָס פֿלייש, וואָס איז געווען
צוגעהאָנגען אויף די שטאַנגען. דאָס פֿלייש האָט אַרויסגעגעבן
פֿון זיך אַ שטינקנדיקן ריח און איז פֿול געווען מיט קליינע
ווערימלעך, וועלכע האָבן דערויף געשווירבלט און געגריבלט.
ער איז אַראָפּגעלאָפֿן צו די חברים און זיי דערציילט, וואָס
פֿאַר אַ פֿלייש מ׳האָט געבראַכט פֿאַר די מאַטראָסן. אַלע זע־
נען אַרויפֿגעלאָפֿן אין דער הויך און באַטראַכט דאָס פֿאַר־
פֿוילטע פֿלייש, ביי אַ סך האָט זיך דאָס פּנים אויסגעקרימט
פֿאַר עקל.

— אפילו הינט שפּייזט מען דאָך נישט מיט אַזאַ
פֿלייש! — האָבן עטלעכע אויסגערופֿן.

— זאָלן זיי עס אַליין עסן! — האָט דימטשענקאָ גע־
שריגן מיט זיין מעכטיקער שטים.

— חברים, קיינער זאָל דאָס פֿלייש אין מויל נישט נע־
מען, — האָט מאַטושטשענקאָ זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף אַ שטאַנג
און גענומען רעדן צו די מאַטראָסן, — אונזער געדולד מוז

פלאַצן, מיר קאָנען שוין מער נישט אויסהאַלטן. זאָגט, חברים, ווער פון אייך וועט וואַגן צו עסן אַט דאָס פאַרפוילעכץ, אַפילו ווען מ׳זאָל אונז שטרענג באַשטראָפן?

— קיינער נישט! קיינער נישט! — האָבן אַלע צוזאַמען געשריגן. — מיר ווילן עס אַרײַנוואַרפן אין ים!

— צו וואָס אין ים אַרײַן! זאָלן עס די אָפיצירן אויפעסן! — האָט אַ טייל געפאָדערט, — מיר ווילן זיי צווינגען דערצו!

אַרום צוועלף אַ זייגער בייטאָג האָט מען אַרויפגעטראָגן אויפן דעק, וואו עס שטייען די האַרמאַטן און, וואו די מאַטראָסן עסן געוויינלעך דאָס מיטאָג, אַ גרויסן קעסל מיט זופּ און פלייש. די מאַטראָסן זענען געזעסן אַרום טיש און האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. דער געהילף־קוכער האָט אָנגעגאָסן פולע שיסלען מיט זופּ, אָבער קיינער האָט זיך דערצו נישט צוגערירט — די מאַטראָסן האָבן געשוויגן און געגעסן טרוקן ברויט, צוטרונקענדיק וואַסער.

— וואָס איז דאָס היינט געשען מיט אייך, פאַרוואָס עסט איר נישט? — האָט דער געהילף־קוכער געפרעגט:

— דאָס פלייש שטינקט, דו ווייסט עס דאָך אַליין! — האָט מאַטושטשענקאָ זיך אָנגערופן דער ערשטער.

— קיינער פון אונז וועט היינט דאָס מיטאָג נישט עסן! — האָבן זיך געהערט פעסטע שטימען.

— זאָל מען רופן דעם דאָקטאָר, זאָל ער זיך איבערצייגן! — האָט קאָשובאַ פאָרגעלייגט.

אין דעם עס־זאַל פון די אָפיצירן זענען געזעסן די שיפס־דאָקטוירים גריגאָריעוו און האָלענקאָ. דאָ האָט מען געפּראַוועט אַ סעודה מיט די טייערסטע קאָנסערוון און וויינען. די אָפיצירן זענען געווען פריילעך און האָבן זיך אָנגעקלאַפּט איינער אָן אַנדערן מיט די גלעזער וויין און בראָנפן. ס׳איז אַרײַנגעלאָפן איינער פון די אונטעראָפיצירן און האָט אַ דערשראָקענער געמאָלדן:

— די מאַטראָסן ווילן נישט עסן ד אָ ס מיטאָג. זיי פאַ־

דערן, אז די דאָקטוירים זאָלן באַטראַכטן די זופּ. דאָס פליייש, זאָגן זיי, איז פאַרפוילט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן זיך די אָפיצירן פונאַנדערגעלאַכט, — וואָס איז די זופּ קראַנק געוואָרן, וואָס מען דאַרף זי באַטראַכטן?

— איך ווייס שוין וועגן דעם, — האָט דער דאָקטאָר מיט אַ בייזן טאָן געזאָגט, — איך האָב דאָך געהייסן דעם קוכער אָפּוואַשן דאָס פליייש מיט זאַלץ־וואַסער. ס׳דאַרף נישט שטינקען, די מאַטראָסן טשעפּן זיך סתם. דאָס איז אומדערהערט!

— אוודאי איז דאָס אַן אומדערהערטע זאַך, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די העכערע אָפיצירן, וואַמינדראָ, — ווי וואַגן די דאָזיקן באַלוואַנעס צו מאַכן אַזאַ בלבול, אַז דאָס פליייש איז פאַרפוילט! וואָס ווילן זיי, טויבן־פליייש? און פאַרפוילט פליייש זענען זיי קראַנק צו עסן!

— דאָס בעסטע איז צו געבן עטלעכע פון זיי אַ פּאָר קוילן אין קאָפּ, וועלן זיי זיך שוין באַרואיקט, — האָט אַ זאָג געטון מיט אַ בייזער שטים דער אָפיציר ניעאופּאָקאָיעוו, — זיי דערלויבן זיך שוין צופיל!

— מען מוז דאָך אָבער געפינען אַן עצה, — האָט גע־זאָגט דער אונטעראָפיציר, — זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט אַלע צוזאַמען, עסן ברויט און זאָגן זיך אָפּ פון מיטאָג. זיי זענען אַזוי אויפגערעגט, אַז מ׳קאָן צו זיי נישט אויסרעדן קיין וואָרט. וואָס־זשע טוט מען?

— מעלדן דערפון דעם קאָמאַנדיר, ער וועט זיי שוין ווייזן! — האָט וואַמינדראָ באַפוילן און זיך אויפגעשטעלט.— איך גיי זען, ווי אונזערע מאַטראָסן בונטעווען זיך — האָט ער צוגעגעבן מיט איראָניע.

די מאַטראָסן זענען ווייטער געזעסן אויף זייערע ערטער און געקייט דאָס טרוקענע ברויט. דער קעסל מיט עסן האָט געפּאַרעט, אָבער קיינער האָט פון אים נישט טועם געווען. די געזיכטער ביי אַלעמען זענען געווען ערנסטע, שטילשווייגנדיקע, פאַרביטערטע.

דער קאָמאַנדיר איז אַריינגעקומען אין באַגלייטונג פון ניעאופּאָקאָיעוון און וואַמינדראָ. זיינע אויגן האָבן געשפּריצט מיט ווילדן כעס, ער האָט געגעבן אַ געשריי:

— אויפשטיין, סוקיני סיני (הינטישע זין)!

קיין איינער פון די מאַטראָסן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זייערע אָפּגעבּרענטע, פאַרקאָפּטשעטע געזיכטער זענען געווען פאַרהאַרטעוועט, ווי שטאָל, קיינער האָט נישט געטון קיין צוק מיט קיין מוסקול. דער ערשטער פון פאָרנט איז געזעסן מאַטושטשענקאָ און זיך מיט דורכדרינגלעכע בליקן איינגעקוקט אין קאָמאַנדירס ווילד פּנים.

— איך באַפעל דאָך אייך! — איז דעם קאָמאַנדירס שטים אַזש הייזעריק געוואָרן, אַזאַ געשריי האָט ער געטון. די אויגן זיינע זענען פאַר כעס פאַרלאָפן מיט בלוט.

אַן אַלגעמיין שטילשווייגן איז געווען דער ענטפער אויף זיינע געשרייען. דאַמאָלס איז ער צוגעלאָפן צו מאַטושטשענקאָ און אַריינקוקנדיק אים אין געזיכט, אַ ריטש געטון:

— איך הייס עסן דאָס פלייש! ווי הינט וועל איך אייך דערשיסן, אויב איר וועט נישט אויספירן מיין באַפעל!

— מיר קאָנען נישט עסן קיין פאַרפוילט פלייש — האָט מאַטושטשענקאָ רואיק געענטפערט.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אָפּגערוקט עטלעכע טריט און מיט אַ דראָענדיקער שטים אַ זאָג געטון:

— ווער ס'איז גרייט זיך אונטערצוואַרפן מיינע באַפעלן זאָל תיכף אַרויסגיין פון דער ריי און אַוועקשטעלן זיך באַזונדער. די רעשט וועלן געשטעלט ווערן פאַר אַ קריגס־געריכט.

צווישן די מאַטראָסן האָט זיך דערהערט אַ מורמלעריי־עטלעכע פּנימער האָבן אויסגעדריקט פּאַנישע שרעק. פון דער ריי האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין די מאַטראָסן מיט אַ העכערער ראַנגע און זיך אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט. די גרעסטע מערהייט איז אָבער געבליבן שטיין ביים טיש, גרופּירנדיק זיך נענטער איינער נעבן אַנדערן.

— פּחדנים! פאַררעטער! — האָבן זיך דערהערט עט־

לעבע שטימען אויפן אדרעס פון די העבערע מאטראָסן.

דער קאָמאַנדיר האָט געזען, אַז ער קאָן נישט ברעכן דעם ווילן פון דער מערהייט מאטראָסן. ער האָט זיך דעריבער שטילערהייט בעראטן מיט וואַמינדאַ און באַלד האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל פון אַ טרומייט. דאָס האָט דער קאָמאַנדיר גערופן די וואַך, וועלכע איז באַלד געקומען צו לויפן און אין פולער באוואָפנטנג גרייט געווען אויסצופירן דעם באַפעל פון קאָמאַנדיר.

זעענדיק די באוואָפנטע וואַך, האָבן זיך ווידער עטלעכע מאטראָסן ארויסגערוקט פון דער ריי און זיך אוועקגעשטעלט אַן אַ זייט, אַלס צייכן, אַז זיי זענען גרייט זיך אונטערצווואַרפן דעם באַפעל פון קאָמאַנדיר.

— איך גיב אייך דריי מינוט צייט! — האָט דערקלערט דער קאָמאַנדיר צו דער איבערגעבליבענער גרופּע, — ווער ס'וועט נישט פאַרלאָזן די ריי, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן!

די מאטראָסן האָבן זיך פעסט אָנגעהאַלטן איינער אָן אַנדערן, ווי זיי וואָלטן געשאַפן אַ פעסטע מויער, כדי אָפּצושלאָגן דעם אָנגריף. אַ סך האָבן אריינגעשטעקט די הענט אין די טאַשן, וואו ס'זענען געלעגן אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן. מאַטושטשענקאָ און דימטשענקאָ האָבן געשטעלט עטלעכע טריט פאָרויס און האָבן פאַרקריצט מיט די ציין, איינהאַלטנדיק דעם אויסגעשריי, וואָס האָט זיך געריסן פון זייערע העלזער. מ'האָט געהערט, ווי זיי ביידע אָטעמען שווער פון אויפרעגונג און צאָרן.

ביידע קעגנער האָבן זיך אַ מינוט אָנגעקוקט. אַלץ איז פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ שטילשווייגן, וואָס האָט געמאַכט פרירן דאָס בלוט אין די אָדערן.

— עס זענען שוין אַדורך צוויי מינוט, איר האָט נאָך איין מינוט צייט! — האָט דער קאָמאַנדיר אַ קוק געטון אויפן זייגער, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט — איך וועל אייך אומבּרחמנותדיק דערשיסן!

— מיר וועלן קיין פאַרפוילט פלייש נישט עסן! —

האָבן זיך דערהערט עטלעכע שטימען פֿון דרייסטערע, — מיר האָבן קיין מורא נישט פֿאַר אייערע דראָאונגען! איר וועט נישט שיסן! אדרבא, וואַגט!

צווישן די מאַטראָסן איז געוואָרן אַ באַוועגונג, עטלעכע האָבן גענומען דראָען מיט פֿויסטן, אַנדערע האָבן אויפֿגעריסן די העמדער און געשריגן: „נו, שיסט!“, מאַטושטשענקאָ איז צוגעגאַנגען נאָענט צום קאָמאַנדיר און געזאָגט מיט אַ פֿעס־טער שטים:

— מיר וועלן אייער באַפֿעל נישט אויספֿירן, מיר זענען נישט קיין געקויפֿטע שקלאַפֿן!

ניעאָפּאָקאָיעוו האָט מיט אַ שטאַרקן שטויס אָפּגעשטופּט מאַטושטשענקאָ און געגעבן אַ באַפֿעל צו דער וואַך:

— ברענגט תּיכּף אַהער דאָס זעגל־לייוונט. זייט גרייט מיט די ביקסן, — און ווענדנדיק זיך צום קאָמאַנדיר, האָט ער צוגעגעבן, — צו וואָס זיך שפּילן מיט די דאָזיקע הינט? פּאַרטיק מאַכן און פּטור!

די מאַטראָסן האָבן געוואוסט, וואָס עס באַטייט דאָס זעגל־לייוונט. אונטער דעם דאָזיקן לייוונט האָט מען געזאָלט אַרונטערפֿירן די צעבונטעוועטע און זיי אָן שום לאַנגע שהיות דערשיסן. ווי נאָר זיי האָבן דערהערט ניעאָפּאָקאָיעווס רייד, האָט זיך דורכגעטראָגן אַ שטיל געמורמל:

— האַלט אייך פֿעסט, חברים! האָט נישט קיין מורא! זיי וועלן שוין נישט שיסן!

דער קאָמאַנדיר האָט אַרויסגעצויגן די שווערד פֿון דער שייד און באַפֿוילן די וואַך־זעלנער.

— אויפֿשטעלן די לייוונטענע ברעזענטן! אַרויספֿירן איינציקווייז! אָנשטעלן גרייט די ביקסן!

און בעת די וואַך האָט זיך געגרייט אויסצופֿירן דעם באַפֿעל, האָט זיך די גאַנצע מחנה מאַטראָסן אַ וואַקל געטון, ווי אַ כוואַליע, וועלכע הויבט זיך אויף בעת אַ שטורעם. עס האָבן זיך אויפֿגעהויבן הענט, פּנימער האָבן זיך אויסגעקרימט פֿון צאָרן און נקמה, עס האָט זיך דערהערט אַ געררויש, ווי פֿאַר אַ נעוויטער. פּלוצלונג האָבן עטלעכע הענט אַרויפֿגעכאַפּט מאַ־

טושטשענקאָ, וועלכער האָט אַ דונער געטון מיט אַ מעכטיקער שטים:

— חברים! לאָזט נישט דערשיסן אייערע ברידער! מיר זענען נישט קיין הינט, מיר זענען מענטשן און ווילן מער נישט דערלאָזן צו דעם גיהינום, וואָס די אָפיצירן האָבן איינגעפירט! אראָפּ די קייטן! אַ טויט די תלינים!

— נעמט דאָס געווער אין די הענט! — האָט זיך ארויסגעריסן אין מיטן די מאַסיווע געשטאַלט פון דימטשענקאָ. ער האָט געפאָכעט מיט זיינע לאַנגע הענט און געדופן, — שיסט די אַלע, וועלכע ווילן אונז דערשיסן. זאָל לעבן די פרייהייט!

— מיר קאָנען שוין מער נישט ליידן! — האָבן זיך דערהערט שטימען, — ווער ס'איז קעגן אונז, וועלן מיר אומברענגען! אַ טויט די שונאים פון פרייהייט!

די שטימען האָבן זיך אויסגעמישט אין איין מעכטיקן כאָר. די גרופּע מאַטראָסן, וועלכע איז מיט אַ מינוט פריער געשטאַנען צונויפגעפּרעסט, האָט זיך איצט פונאַנדערגעשאָטן, ווי אַ האָגל קוילן. די אָפיצירן מיטן קאָמאַנדיר זענען אַ רגע געבליבן שטיין, אָבער זעענדיק, אַז די וואַך הערט נישט זייער באַפעלן און מישט זיך צונויף מיט די צעבונטעוועטע מאַטראָסן, האָבן זיי גענומען אין ווילדער שרעק אַנטלויפן אין די קאַיוטעס.

ווי אַ קאָכעדיקע לאַווע, וואָס רייסט זיך ארויס פון אַן אָפענעם וואולקאַן־קראַטער, אַזוי האָט זיך די מחנה מאַטראָסן צוזאַמען מיט די וואַך־זעלנער גענומען יאָגן נאָך די אַנטלויפנדיקע אָפיצירן. די ראָליעס האָבן זיך מאָמענטאַל געענדערט. די פריערדיקע באַפעלער זענען אין משך פון עטלעכע מינוט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּחדנים, אין מייז, וועלכע האָבן געזוכט אַ באַהעלטעניש. עס האָט זיך דערהערט דאָס קנאַלעריי פון ביקסן־שאָסן צוזאַמען מיטן געבראַזג פון צובראָכענעם גלאָז און צוהאַקטע טעלער. די אָפיצירן זענען ארויסגעלאָפן פון עס־זאַל, מיטשלעפּנדיק מיט זיך אין בהלה די ווייסע טישטוכער, אויך וועלכע עס זענען געשטאַנען די טייערע, פאַרצעלייענע כלים. זיי זענען אַזוי געווען צעטומלט מיט

דעם פלוצלונגען געשעעניש, אז זיי האבן לכתחילה געפרענט איינער ביים אנדערן, וואס איז געשען. פאר דער גרעסטער טייל פון די אפיצירן איז דאס אלץ געקומען אומגעריכט. זיי זענען געזעסן רואיק ביים מיטאג און פלוצלונג דערהערט א שיסעריי, זענען זיי ארויסגעלאפן און געזען, ווי די מאטראסן יאגן נאך עטלעכע אפיצירן. נישט ווויסנדיק וואס דא איז געשען, האבן זיי זיך גענומען אויסבאהאלטן אין די קאיוטעס.

דער ערשטער שאס איז געפאלן פון מאטושטשענקא. ער איז צוגעלאפן צו גיעאופאקאיעוון און אנכאפנדיק אים ביים האלז, האט ער אויסגעשריגן:

— איצט-וועל איך ד י ך דערשיסן, ווי א הונט! דו וועסט אונז שוין מער נישט מאטערן!

גיעאופאקאיעוו איז באלד אנידערגעפאלן מיט אדורכגעשאסענעם קאפ, די מחנה אויפשטענדיקע האבן אויפגעריסן אלע קאיוטעס, א סך אפיצירן האבן פון זיך אראפגעווארפן די קליידער און געשפרונגען אין וואסער אריין.

איינער פון די אפיצירן, דער מעכאניקער קאוואלענקא, וועלכער איז דערנאך איבערגעגאנגען אויף דער זייט פון די מאטראסן, שילדערט אזוי אין זיינע זכרונות דעם מאמענט, ווען די אויפשטענדער האבן זיך געוואלט אריינרייסן אין זיין קאיוטע, וואו ער איז געלעגן באהאלטן מיט נאך פיר אפיצירן:

„מיט שרעק און צאפל האבן מיר געווארט אויף דער קאטאסטראפע. מיר האבן שוין געוואלט פארלאזן די קאיוטע און גיין פנים אל פנים צו דעם, וואס האט אונז דערווארט אויף יענער זייט טיר...

— שוינט נישט קיינעם! — האט זיך דערהערט דער געשריי פון די מאטראסן.

— גאט מיינער! הייסט עס, אז מיר וועלן מוזן שטארבן?

— האט זיך דער דאקטאר גרינגאריעוו אנגעכאפט ביים קאפ.

קיינער האט אים נישט אפגעענטפערט. דאמאלס איז מיר געקומען אויפן געדאנק א פלאן: שפרינגען אין וואסער אריין! אזוי צי אזוי וועל איך דאך אומקומען. איז שוין בעסער דער טויט אין וואסער.

איך האָב אַראָפּגעצויגן פֿון זיך די שיך און די מלבושים. די רעשט אָפֿיצירן, וועלכע זענען געווען מיט מיר באַהאַלטן, האָבן דאָס זעלבע געטון. דורכן שמאָלן פֿענצטערל האָבן מיר זיך דורכגעגליטשט איינער נאָכן אַנדערן און אַריינגעשפּרונגען אין די כוואַליעס פֿון ים, מיר האָבן זיך נאָך נישט באַוויזן אונטערצוטונקען, האָבן זיך פֿון דער שיף אַ שאָט געטון אויף אונדז עטלעכע צענדליק שאָסן. דער דאָקטאָר גריגאָריעוו איז באַלד דערהרגעט געוואָרן און איז האַרט נעבן דער שיף אַראָפּ צו דער דנאָ פֿון ים.

איך מיטן אָפֿיציר האַרקיעוויטש זענען ווייטער געשוואָוּמען. פֿלוצלינג דערהערן מיר, ווי די מאַטראָסן שרייען:

— מעכאַניקער קאָוואַלענקאָ, קומט צוריק! קומט צוריק, מיר וועלן אייך גאָרנישט טון! מיר האָבן נאָר געוואָלט דערשיסן דעם כוליגאַנישן דאָקטאָר, וועלכער האָט אונדז געהייסן עסן פֿאַרפֿוילט פֿלייש!

— מיט מיר צוזאַמען געפֿינט זיך אויך דער אינזשיניער האַרקיעוויטש! — האָב איך צוריק געשריגן.

— זאָל ער זיך אויך אומקערן, מיר וועלן אייך גאָרנישט טון! — האָבן די מאַטראָסן אונדז פֿאַרזיכערט.

— לאָמיר שווימען צוריק, איך גלויב זיי, — האָב איך געזאָגט צו האַרקיעוויטשן.

די מאַטראָסן האָבן אַראָפּגעלאָזט שיפֿלעך און אונדז אַרויפֿגענומען אויף דער שיף".

די מאַטראָסן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז קאָוואַלענקאָ און האַרקיעוויטש, אַלס אינזשיניערן, טראָגן ווייניק שולד פֿאַר דער אונטערדריקונג און האָבן דעריבער באַשלאָסן זיי צו ראַטעווען. קאָוואַלענקאָ האָט באַלד אַרויסגעוויזן גרויסע סימפּאַטיע פֿאַר דער באַפֿרייאונגס־זאַך פֿון די מאַטראָסן און גענומען אַ טעטיקן אָנטייל אין דעם ווייטערדיקן גורל פֿון די אויפֿשטענדיקע.

אין דער זעלבער צייט, ווען די מאַטראָסן האָבן אַרויפֿגעצויגן אויף דער שיף די צוויי געראַטעוועטע אינזשיניערן, האָט דימטשענקאָ באַמערקט, ווי דער העכערער אָפֿיציר מאַ־

קאראָוו לאָזט זיך שווימען צו דעם טאָרפּעדאָ־שיפל, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון „פּאָטיאָמקין“. דאָס דאָזיקע טאָר־פּעדאָ־שיפל האָט געהאַט געבראַנגט דעם פּראָוויאַנט פאַר דער פּאַנצער־שיף און דערויף האָט זיך געפונען אַ גרופּע אָפיצירן.

— חברים, דאָס טאָרפּעדאָ־שיפל אַנטלויפט, כדי צו ברענגען הילף פאַר די אָפיצירן ! — האָט דימטשענקאָ אויס־געשריגן.

דאָס שיפל האָט טאַקע אויפגעהויבן דעם אַנקער און גע־נומען אַנטלויפן. די געפאַר איז געווען גרויס. מ׳האָט גע־דאַרפט דאָס טאָרפּעדאָ־שיפל, וועלכעס האָט זיך געלאָזט אויפן אָפענעם ים, פאַר יעדן פּרייז איינהאַלטן. די מאַטראָסן האָבן דעריבער אָנגעשטעלט אויף דעם שיפל עטלעכע האַרמאַטן און געגעבן אַ פאַר זאַלפּן. איינע פון די האַרמאַטן־קוילן האָט דורכ־געשאָסן דעם קוימען און דאָס טאָרפּעדאָ־שיפל האָט זיך גע־מוזט אונטערגעבן. די אָפיצירן פון שיפל זענען תיכף געוואָרן אינטערנירט אין אַ באַזונדערער קאַיוטע. אַזוי אַרום האָבן די מאַטראָסן געהאַלטן אין פאַרמאַכטע קאַיוטעס אַלע לעבנגע־בליבענע אָפיצירן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אויסדריקן זייער גרייטקייט צוצושטיין צום בונט.

— אָבער וואו איז אונזער קאָמאַנדיר ? — האָבן גע־פרעגט די מאַטראָסן נאָכדעם, ווי אַלע אָפיצירן זענען אינטער־נירט געוואָרן.

— העי, מאַטושטשענקאָ, — האָט דער מאַטראָס ניקי־טיטש געפרעגט, — וואו איז אַהינגעקומען דער אכזר גאָ־ליקאָוו ?

— ער איז, אודאי, דערטרונקען געוואָרן אין ים, — האָט מאַטושטשענקאָ געענטפערט.

— איך שטיי כסדר אויף דער וואַך און גיב אויף זיי אַלעמען אַכטונג, — האָט ניקיטיטש געענטפערט, — אָבער דעם קאָמאַנדיר האָב איך נישט געזען. ער איז אין וואַ־סער נישט געשפרונגען. ער איז אַ צו גרויסער פּחדן. ער ליגט, אודאי, ערגעץ באַהאַלטן צווישן די מאַשינען, אָדער אין גע־ווער־אַרסענאַל.

— חברים, אויסזוכן דעם קאָמאַנדיר, אַהערשלעפּן אים אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן! — האָט מאַטושטשענקאָ, וועלכער האָט איצט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער די מאַטראָסן, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל.

די מאַטראָסן זענען זיך צעלאָפן איבער אַלע ווינקעלעך פון דער גרויסער פאַנצער־שיף, מ׳האָט אומעטום געניִשטערט און געפונען דעם קאָמאַנדיר גאַליקאָוו ליגן באַהאַלטן אין דעם געווער־אַרסענאַל. ער איז געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער צווישן ביקסן און רעוואָלווערן, צוגעדעקט מיט ברעזענט־לייוונט. דימטשענקאָ, וועלכער האָט אים דער ערשטער דערזען, האָט אים געגעבן אַ קאָפּע מיטן פיס און אַ פרעג געטון מיט זיין מעכטיקער, באַסאָווער שטים:

— העי, אָפיציר גאַליקאָוו, ווי פּאַסט עס עפּעס פאַר אַ קאָמאַנדיר צו ליגן אַזוי איינגעקאָרטשעט אין דרייען?

דער קאָמאַנדיר איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער און בלאַסער און גענומען ברעכן מיט די הענט:

— שענקט מיר דאָס לעבן! איך בעט אייך! איך בין ניִשט שולדיק!

— נו, נו, ווער ס׳איז שולדיק, וועלן די מאַטראָסן משפּטן. קום נאָר מיט אונז!

— פאַרוואָס דוצט דו מיך? — האָט גאַליקאָוו געפרעגט. ער האָט זיך אַליין ניִשט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון וועגן זיין איצטיקן צושטאַנד. און האָט זיך נאָך געוואונדערט הלמאי די מאַטראָסן דוצן אים.

— דו מיינסט, אַז מיר וועלן איצט מיט דיר מאַכן וועלכע ס׳איז צערעמאָניעס? — האָט דימטשענקאָ געלאַכט פון גאַליקאָווס נאַרישער פראַגע, — איצט משפּטן מ י ר. דערמאָן דיך אָן דיינע מעשים און זאָג, וואָס פאַר אַ שטראָף עס קומט דיר. נו, קום מיט אונז שנעלער!

אַ דערשראָקענעם, מיט צעשויבערטע האָר, אַ ציטערנדיקן אינגאַנצן האָבן אים די מאַטראָסן אַרויפגעשלעפּט אויפן דעק. ווי נאָר די אויפשטענדיקע האָבן דערזען זייער ביטערסטן שונא, האָבן זיך דערהערט אויסרופן:

— הענגט אויף דעם תלין! דערשיסן! אריינוואַרפן אין ים אַריין! הרגעט אים גוט אָן! זאָל ער פילן אונזער טעם!

אַנדערע זענען צו אים צוגעלאָפן און אָנגעהויבן צו טרייסלען מיט זיין קערפער: — דערשיסן האָסטו אונז אַלע־מען געוואָלט? — האָבן זיך דערהערט קולות — אונזער בלוט האָסטו געוואָלט זען? הינט זענען מיר ביי דיר געווען? הא?

— גייט אַוועק פון אים! — האָט באַפוילן מאַטוּש־טשענקאָ, — ער וועט באַלד זיין שטראָף באַקומען.

אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט. עס האָט זיך דער־הערט אַ זאַלפּ. די זעלבע וואַך, וואָס גאַליקאָוו האָט באַפוילן צו שיסן אויף די מאַטראָסן, האָט איצט געצילט מיט די ביקסן אין זיין קערפער. דער קאָמאַנדיר איז אַנידערגעפאַלן, דער טויטער קערפער איז תיכף אריינגעוואָרפן געוואָרן אין ים.

— מיר האָבן דערשאָסן זיבן אָפיצירן, — האָט מאַ־טושטשענקאָ איבערגעגעבן פאַר די מאַטראָסן דעם סך־הכל פון קאַמף, — דאָס זענען געווען די געפערלעכסטע שונאים אונ־זערע, זיי האָבן אונז אָנגעטאָן די שרעקלעכסטע יסורים, זיי האָבן אונז געפּאַטשט, געטרעטן מיט די פיס, דערנידעריקט אונזער מענטשלעכע ווירדע, אונז באַהאַנדלט ערגער, ווי גע־קויפטע שקלאַפן, דאָס זענען געווען די געטרייסטע משרתים פון צאַר און דערפאַר האָבן זיי פאַרדינט די דאָזיקע גערעכטע שטראָף. געדענקט, חברים, אַז איבער גאַנץ רוסלאַנד ברויזט איצט דער קאַמף פאַר באַפרייאונג, דעם ערשטן נצחון אין קאַמף האָבן מיר אָפּגעהאַלטן, מיר מאַטראָסן פון דער פאַנ־צער־שיף „פּאָטיאָמקין“.

— וואָס וועט זיין מיט די לעבנגעבליבענע אָפיצירן? — האָט געפרעגט ניקיטיטש — אפשר זאָלן מיר זיי אַרויסזעצן אין אָדעס?

— דאָס וועט פעסטשטעלן אַ קאָמיסיע, וואָס וועט זיך ספּעציעל פאַרנעמען מיט אַלע ענינים — האָט געענטפערט מאַטושטשענקאָ. — איצט, חברים, דאַרפן מיר טראַכטן וועגן איינהאַלטן אין אונזערע הענט דעם נצחון. געדענקט, אַז דער שונא קאָן קומען מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן מיט אַ גרויסע

עסקאַדרע און אונז וועט אויסקומען צו פירן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט.

— מיר וועלן זיך קיין לעבעדיקע נישט אונטערגעבן! — האָבן די מאַטראָסן אויסגערופן, — מיר וועלן קעמפן ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג.

אַלע מאַטראָסן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם צווייטן דעק, וואו עס פלעגן, געוויינלעך, עסן די אָפיצירן. דאָרטן האָבן זיך אַלע ארומגעזעצט ביי די טישן, עס האָבן געהאַלטן פיי־ערלעכע רעדעס מאַטושטשענקאָ, ניקיטיטש, דימטשענקאָ, זאַ־מאָשניקאָוו און נאָך עטלעכע מאַטראָסן.

די פאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין" האָט געפייערט איר ערשטן יום־טוב פון באַפרייאונג.

## .2

די עטלעכע הונדערט מאַטראָסן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג. מ'האָט געמוזט באַשליסן, וואָס ס'איז ווייטער דאָ צו טון. קיינער האָט זיך נישט צוגעגלויבט, אַז דער נצחון וועט אַזוי לייכט אָנקומען. זעט אויס, אַז דער כוס פון ליידן איז שוין געווען אַזוי איבערגעפילט, אַז ס'איז נויטיק געווען נאָך איין טראָפּן, כדי די קייט פון קנעכטשאַפט זאָל זיך אי־בעררייסן. די אָפיצירן האָבן דאָס נישט פאָרויסגעזען און גע־גלויבט, אַז מיט דראָאונגען וועלן זיי ווייטער קאָנען אונ־טערדריקן די מאַטראָסן. דער וויכטיקסטער שטויס צום בונט איז געווען דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז אין לאַנד. דער באַוואוסטזיין, אַז טויזנטער פון פאָלק זענען אויפ־געשטאַנען קעגן דעם צאַר האָט ארייננגעגעבן מוט די מאַטראָסן. דער ענין מיטן פאַרפוילטן פלייש איז בלויז געווען אַ שווע־בעלע אויף אַ פולווער־סקלאַד.

אָט די אַלע געדאַנקען האָט מאַטושטשענקאָ איבערגע־געבן זיינע חברים. די פאַרזאַמלונג פון די מאַטראָסן, אויף וועלכע ס'האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע אונטעראָפיצירן און אָפיצירן, האָט אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט איבער־

נענומען די קאָמאַנדע איבער דער שיף. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע איז אויך געוויילט געוואָרן דער אָפיציר קאָוואַלענקאָ, וועלכער האָט זיך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער זאַך פון די מאַטראָסן.

אויף דער ערשטער זיצונג פון דער קאָמיסיע איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצושווימען צום אָדעסער פּאָרט. מאַטושטשענקאָ האָט איבערגעגעבן, אַז לויט די ידיעות פון די צייטונגען, קומען אין אָדעס פאָר אומרוען, די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט, עס קומען פאָר צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי און מיליטער. די איינציקע רעוואָלוציאָנערע פּאַנצערשיף דאַרף דעריבער קומען צו הילף די אַרבעטער אין זייער קאַמף מיט די צאַרישע מאַכטהאָבער.

— חברים, — האָט מאַטושטשענקאָ פאַרענדיקט זיין רעדע, — מיר דאַרפן אויסנוצן אונזער נצחון אויף צו העלפן אונזערע קעמפנדיקע ברידער אין אָדעס. איך בין זיכער, אַז אונזער פּאַנצער־שיף וועט אָנוואַרפן אַ מורא אויף די מיליטערישע פירער פון אָדעסער גאַרניזאָן. מיר וועלן קאָנען ארויסשטעלן אַ פאָדערונג, אַז דאָס מיליטער זאָל אויפהערן דעם בלוטיקן שניט אויף די גאַסן פון אָדעס.

— אויפהויבן דעם אַנקער! מיר פאָרן קיין אָדעס! — האָט זיך נעהערט אַ קאָמאַנדע — אויפן דעק! צו די מאַשינען!

אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען שוין פון דער פּאַנצער־שיף דערזען די קאָנטורן פון דער גרויסער שטאָט. „פּאָטיאָמקין" האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט צו אָדעס. אויפן קאַפּיטאַנישן בריקל זענען געשטאַנען מאַטושטשענקאָ, קאָוואַלענקאָ און קאָשובאַ. זיי האָבן מיט לאָרנעטעס באַטראַכט דעם אָדעסער פּאָרט.

— זעט נאָר די געוואַלדיקע באַוועגונג ביים ברעג. — האָט מאַטושטשענקאָ באַמערקט, — איך האָב דעם איינדרוק, ווי די גאַנצע שטאָט וואָלט אונז אַרויס באַגעגענען. צי ווייסט מען שוין אין אָדעס, וואָס אויף אונזער שיף איז פאָרגעקומען?

— חברים, גיט נאָר אַ קוק, — האָט דער מאַטראָס קאָ־שובאַ אָנגעוויזן, — דער עולם זעצט זיך איין אין שיפלעך. זעט נאָר, פּרויען, מענער, מען פּאַכעט מיט די טיכלעך. אַהאַ, זיי האָבן דערזען די רויטע פאָן, וואָס מיר האָבן אויפגעהאָנ־גען. איר הערט, ווי מען זינגט? דאָס זענען רעוואָלוציאָנערע לידער.

— אַראָפּלאָזן דעם אַנקער! שטיין בלייבן! — האָט מאַ־טושטשענקאָ באַפוילן.

ווי נאָר דער שוואַרצער ריז האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון פאָרט, איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן מיט צענדלי־קער זעגל־שיפלעך. הונדערטער אַרבעטער, סטודענטן, פּרויען זענען אַרויפגעקראָכן אויף דער פּאַנצער־שיף און האָבן וואַרעם באַגריסט די מאַטראָסן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אָדעס האָט מען זיך באַלד דערוואוסט וועגן אויפשטאַנד. מ׳האָט אָבער נישט געגלויבט. ערשט ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט אַ קלאַנג, אַז צו אָדעס דערנענטערט זיך אַ קריגס־שיף, זענען אַלע געווען זיכער, אַז דאָס איז „פּאָטיאָמקין“.

— וואָס הערט זיך אין אָדעס, חברים? — האָבן די מאַטראָסן איבערגעפרעגט, — מיר זענען געקומען אייך העלפן.

— עס זענען פאַראַן אַ סך געהרגעטע. דאָס מיליטער האָט געשאָסן אויף דעמאָנסטראַנטן. מיר האָבן זיך קוים דורכגעריסן צום פאָרט — איז געווען דער ענטפער.

די צאָל פון די שיפלעך איז געוואָרן אַלץ גרעסער, מ׳האָט געבראַנגט פאַר די מאַטראָסן פאַרשידענע מתנות און עסנוואַרג. יונגע מיידלעך האָבן דערלאַנגט בלומען. מ׳האָט אַרויפגעשלעפּט אויף דער שיף טיי, צוקער, שאָקאָלאַד, פּאַפּיראָסן און אַנדע־רע נייטיקע זאַכן. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערטראָגן הוראַ־אויסגעשרייען. די מחנות ביים ברעג האָבן פּאָכנדיק מיט היטלען, טיכלעך און פּאַטשיילעס געשריגן אין איין כאָר:

— זאָל לעבן דער באַפרייטער „פּאָטיאָמקין“! זאָלן לעבן די פריי־געוואָרענע מאַטראָסן! אַ לויב פאַר אונזערע העלדן! הוראַ!

אַלע מאַטראָסן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן דעק. זייערע אָפּגעבּרענטע און פאַרהאַרטעוועטע געזיכטער האָבן פריידיק געשמייכלט און אַלע ווייל האָט זיך פון זייערע מעכטיקע בּרוסטן אַרויסגעריסן אַן ענטפער־געשריי:

— זאָל לעבן די פרייהייט פון פאָלק! הוּראַ!

און ווייט איבּער די כוואַליעס פון ים האָט זיך געקאָלערט דער יובל־אויסגעשריי פון די פאַרזאַמלטע מחנות אויפן בּרעג, פון די צענדליקער שיפלעך אַרויס, פון אַלע מאַטראָסן, אַפילו די אינטערנירטע אָפיצירן אין די קאַיוּטעס זענען אַזוי מיט־געריסן געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער פרייד, אַז זיי האָבן פון די פענסטערלעך אויסגערופן: הוּראַ! זאָל לעבן!

ס'איז געווען אַ וואונדערלעך בּילד פון מענטשלעכער פאַרבּרידערונג. די שוואַרצע פּאַנצער־שיף האָט איצט נישט געשראָקן. אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט אין איין נצחון־מאַרש. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ זוניקער, דער ים אַ לויטערער און רואיקער, די מענטשן שמייכלענדיקע און גליקלעכע. יבּשה און ים האָבן צוזאַמען געפייערט דעם יום־טוב פון „פּאָטיאָמ־קינס" נצחון.

פּלוּצלונג איז אויפן בּרעג געוואָרן אַ בּאַוועגונג. די גע־שרייען האָבן אויפגעהערט, די פּאָכנדיקע טיכלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. פון בּרעג איז אָפּגעשוואומען אַ מיליטערישער דאַמפּער און זיך געלאָזט צו דער שיף. אַלע האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. וואָס וועט דאָ זיין? צו וואָס פאָרט דאָס מילי־טער צו דער פּאַנצער־שיף? אין דאַמפּער זענען סך־הכל גע־ווען צוואַנציק זעלנער מיט עטלעכע אָפיצירן. איין זאַלפּ פון „פּאָטיאָמקין" וואָלט פון זיי געמאַכט אַ תל.

מאַטוּשטשענקאָ האָט איבּערגעגעבּן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, אַז צו דער פּאַנצער־שיף פאָרט צו דער קאָמענ־דאַנט פון מיליטער. ס'איז פאָרגעקומען אַ קליינע בּאַראַטונג און דער בּאַשלוס איז געווען, אַז מען זאָל דעם מיליטערישן דאַמפּער געבּן צו וויסן, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן. דער טע־לעגראַפיסט פון דראָטלאָזן טעלעגראַף האָט תיכּף געגעבּן צו וויסן:



...די מאַטראָסן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן דעק און באַגריסט די אָדעסער ארבעטער...

— מיר ווילן אייך נישט האָבן אין אונזער געזעלשאַפט. פאָרט צוריק, אויב דאָס לעבן איז אייך טייער.

און פאַרוואונדערט זענען אַלע געוואָרן, ווען מ׳האָט דער־זען, ווי דער מיליטערישער דאַמפער פאַרקירעוועט צוריק אין דער ריכטונג פון ברעג. דער קאָמענדאַנט פון פּאָרט האָט גע־וואוסט, אז מיט דער ריזיקער פּאַנצער־שיף וועט ער זיך שוין קיין עצה נישט געבן. ער האָט דעריבער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון זיין פּלאַן אויפצופאָדערן די מאַטראָסן פון דער קריגס־שיף, אז זיי זאָלן אָפּשווימען פון פּאָרט.

די אָדעסער מאכט האָט אָבער געוואוסט, וואָס פאַר א געפערלעכע קראַפט די פּאַנצער־שיף שטעלט מיט זיך פאָר אין דעם מאָמענט, ווען אויף די גאַסן פון דער שטאָט זענען פאָר־געקומען בלוטיקע קאַמפן צווישן פאָלק און מיליטער. מ׳האָט געדאַרפט אַלע מיטלען אָנווענדן, כדי משלח צו זיין פון פּאָרט די צעבונטעוועטע מאַטראָסן. מ׳האָט דעריבער ארויסגעשיקט א שיפל, אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען פאָרשטייער פון דער ציוויל־מאכט און עטלעכע זשאַנדאַרמען. מ׳איז געגאַנגען אונטערהאַנדלען מיט די מאַטראָסן, אז זיי זאָלן פאַרלאָזן דעם פּאָרט. דאָס שיפל האָט זיך פאַרהאַלטן א פופציק מעטער פאַר דער פּאַנצער־שיף. די עטלעכע זשאַנדאַרמען, ווי זיי וואָלטן געפילט, אז זיי קאָנען דאָ שלעכט אָפּשניידן, האָבן זיך באַ־האַלטן אונטער די פּלייצעס פון די ציווילע באַאַמטע.

אויפן „פּאָטיאָמקין“ האָט מען באַמערקט די זשאַנדאַר־מען און עס איז געוואָרן א געשריי:

— וואָס איז דאָס פאַר א סקאַנדאַל, זשאַנדאַרמען פירט מען צו אונז?

און דימטשענקאָ האָט מיט זיין מעכטיקער לייבן־שטים א געשריי געטון:

— העי, הערן זשאַנדאַרמען, וואַרפט דאָס געוועך אין וואַסער אריין! שנעלער, אויב נישט וועט זיין שלעכט!

די דערשראָקענע זשאַנדאַרמען האָבן, נישט אויסרעדנ־דיק קיין וואָרט, אָפּגעשפּילעט פון זיך די שווערדן און זיי אריינגעוואָרפן אין ים אריין. דער עולם ארום אויף די שיפלעך

האַט חילכיס אַפּלאָדירט און חוזק געמאַכט פון די צאַרישע דינער.

— און די רעוואָלווערן האָט איר פאַרגעסן? — האָט דימטשענקאָ ווייטער געדונערט, — וואַרפט תיכּף אַריין די רעוואָלווערן אין וואַסער אַריין. אויף וואָס וואַרט איר גיכער!

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָבן די זשאַנדאַרמען אָפּגע־שפּילעט די לעדערנע טאַשן מיט די רעוואָלווערן און, וואַקלנ־דיק זיך אַ ווייל, אַריינגעשליידערט זיי אין די בלויע וואַסערן פון ים.

— איצט זענען זיי שוין נישט חוצפּהדיק, איצט האַלטן זיי דאָס מויל, די צאַרישע שלעגער! — האָט דער אַרומיקער עולם געשריגן.

— נו און איצט, מיינע הערן, — האָט דימטשענקאָ קאָ־מאַנדעוועט, — פאָרט אייך צוריק געזונטערהייט, אויב איר ווילט אַרוים מיט גאַנצע ביינער.

דאָס שיפל מיט די ציוויל־באַאַמטע און זשאַנדאַרמען האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און אָנגעהויבן צוריקצופאָרן צום ברעג.

— די פּחדנים אַנטלויפן! — האָט סיי דער עולם אויפן ברעג און סיי אויף די שיפלעך גענומען שרייען און אויס־פייפן די אַנטלויפנדיקע. — מיט דער פּאַנצער־שיף טאָר מען נישט שפּאַסן!

— נידער מיט דער צאַרישער נאַהייקע! — האָבן זיך גע־הערט אויסרופן פון אַלע זייטן און אונטער דער באַגלייטונג פון געלעכטער און חוזק איז דאָס שיפל צוגעשוואומען צום ברעג.

די זשאַנדאַרמען האָבן נישט געפּרוּווט פונאַנדערטרייבן דעם פאַרזאַמלטן עולם ביים ברעג. זייערע אויגן האָבן אפילו געברענט מיט כעס, אָבער ווען זייערע בליקן זענען געפאַלן אויף די פּיסקעס פון די האַרמאַטן, האָבן די זשאַנדאַרמען פאַרשטאַנען, אַז איצט מוזן זיי דרך־ארץ האָבן פאַר דעם פאַרזאַמלטן עולם.

אזוי ווי „פּאָטיאָמקין" האָט נעהאַט אַ קליינעם זאַפּאַס קוילן איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַזאָרגן זיך מיט דעם דאָזיקן וויכטיקן מאַטעריאַל. מעגלעך, אַז דער קריגס־שיף וועט אויס־קומען צו זיין אַ לענגערע צייט אויפן אָפענעם ים, אָפּגעשניטן פון וועלכן ס'איז פּאָרט. מ'האָט דעריבער געמוזט אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָס די אָדעסער האָבן די שיף אזוי פריינטלעך אויפגענומען און ס'איז איינגעקויפט געוואָרן צוועלף טויזנט פוד קוילן.

פאַרנאַכט האָט זיך צום „פּאָטיאָמקין" דערנענטערט אַ גרויסע פראַכט־שיף, וועלכע איז געווען אָנגעלאַדעוועט מיט קוילן. דער דעק פון דער פראַכט־שיף איז געווען באַלאַגערט מיט אַרבעטער, וועלכע האָבן שוין פון דערווייטנס באַגריסט די מאַטראָסן, פאָכנדיק מיט די היטלען און טיכלעך, און ווען די שיף האָט זיך דערנענטערט אויף אַ מרחק פון דרייסיק מעטער, האָט דער גאַנצער ים אָרום אָפּגעהילכט פון די אויס־געשרייען פון די אַרבעטער און מאַטראָסן.ביידע שיפן האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון צוויי שרייענדיקע ריזן. ווען אויף דער פראַכט־שיף האָט מען געדונערט: „זאָל לעבן די פּאַנ־צער־שיף „פּאָטיאָמקין!" האָט מען אויף דער קריגס־שיף אָפּגעענטפערט מיט אַ מעכטיקן כאָר: „זאָל לעבן די פריי־הייט!"

און ווען די סימפּאָניע פון קעגנזייטיקע באַגריסונגען און שאַלנדיקע אויסגעשרייען האָט זיך געענדיקט, זענען די אַרבעטער צוגעטרעטן אויסצולאָדענען די קוילן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווייטע סימפּאָניע, די סימפּאָניע פון אַרבעט. די אַרבעטער און מאַטראָסן האָבן אָנגעהויבן צו לויפן פון איין דעק אויפן אַנדערן, פון דער קריגס־שיף אויף דער פראַכט־שיף און צוריק, טראָגנדיק אויף זייערע ברייטמאַסיווע פּליי־צעס שווערע, פּודיקע זעק מיט קוילן. הענט האָבן אויפגע־הויבן די שווערע זעק, ווי קינדער הויבן אויף אַ שפּילצייג. די פּנימער האָבן געשיינט, געשמייכלט און יעדע ווייל האָבן זיך דערהערט פריילעכע אויסרופן און געזאַנגען. די אַרבעט איז

דאָ מער נישט געווען קיין קללה, מ׳האָט זיך געפילט פריי אונ־טער דעם שוץ פון דער צוגבונטעוועטער פאַנצער־שיף.

— דאָס איז אונזער פעסטונג! — האָבן די אַרבעטער צווישן זיך גערעדט, אָנווייזנדיק אויף דעם שטאָלערנעם ריז.

און ווען מ׳האָט שוין געהאַט אויסגעלאָדן די קוילן, האָבן די מאַטראָסן פאַרבעטן צו זיך די אַרבעטער און אונטערן פרייען הימל, ביים אַקאָמפּאַניאָמענט פון די רוישנדיקע ים־כוואַליעס, באַגאָסן מיט דער בלענדנדיקער רויטקייט פון דער אונטערגייענדיקער זון האָבן זיך געהערט צו ערשט שטילערע, דערנאָך אַלץ שטאַרקערע, מעכטיקע טענער. אַזוי האָבן זיך געזעגנט ביידע גרופּעס: די מאַטראָסן מיט די אַרבעטער. און לאַנג האָט מען נאָך פון ביידע זייטן געשריגן און געפּאָכעט מיט די טיכלעך ביז די פראַכט־שיף מיט די אַרבעטער איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

אַ פייקל־קלאַפּעריי האָט געגעבן צו וויסן, אַז מ׳גרייט זיך צו דער נאַכט־רו. די מאַטראָסן זענען זיך צוגאַנגען אין די קאַיוטעס. ס׳זענען איבערגעלאָזט געוואָרן בלויז די, וועלכע האָבן געדאַרפט האַלטן די וואַך. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַן אַלאַרם. דימטשענקאָ, וועלכער איז געשטאַנען אויפן וואַך־בריקל, האָט אויסגערופן:

— חברים, דער שונא דערנעענטערט זיך!

אַלע מאַטראָסן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצולויפן פון זייערע קאַיוטעס. מ׳איז געלאָפן אויפן אויבערשטן דעק. מאַטו־שטשענקאָ האָט אָנגעשטעלט אַ גרויסע שיף־לאַרנעטע: ווייט אויפן האָריזאָנט האָט מען געזען זיך דערנעענטערן אַ קליינע שיף. אַלע האָבן אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז דאָס איז אַן אויסשפּיר־שיף פון דער עסקאַדרע אויפן שוואַרצן ים. מ׳זוכט, וואָרשיינלעך, דעם צובונטעוועטן „פּאָטיאָמקין“. און ווי נאָר די שיף וועט זיך איבערציינן, וואו דער „פּאָטיאָמקין“ געפינט זיך, וועט באַלד אָנקומען די עסקאַדרע. אַלע זענען געוואָרן ערנסט, אָבער רואיק. מ׳האָט געוואוסט, אַז די שלאַכט וועט דאָ זיין אַ פאַרביטערטע.

ערשט ווען די שיף האָט זיך דערנעענטערט, האָט זיך

ארויסגעוויזן, אז אלע האָבן געהאַט אַ טעות. דער אַלאַרם איז געווען אַן אומזיסטער. דאָס איז געווען די שיף „וויעראַ“, וועלכע פלעגט באַזאָרגן די לייכטורעמס אויפן שווארצן ים מיט אַלע נויטיקע מאַטעריאַלן און פּראָוויאַנט. דער „וויעראַ“ איז דערלויבט געוואָרן צוצוקומען נאָענט צו דער פּאַנצער־שיף. מאַטושטשענקאָ האָט דערקלערט דעם קאַפּיטאַן פון דער „וויעראַ“, אַז צוליב פּאָרזיכטיקייטס־טעמים ווערט די שיף דערקלערט אַלס געפאַנגענע און וועט זיך פון איצט אָן געפינען אונטער דער קאָמאַנדע פון „פּאָטיאָמקין“. דער קאַפּיטאַן האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן, אַפילו זיך בייזערן, דערויף האָט אים מאַטושטשענקאָ געענטפערט:

— איר קאָנט זיך אויסוויילן. וואָס ווילט איר בעסער: זיך געפינען אונטער אונזער קאָמאַנדע אָדער זיין אינטערנירט אין אַ פינצטערער קאַיוטע?

דער קאַפּיטאַן האָט זיך אַ קראַץ געטון אין קאַרק, האָט שווער אַ זיפץ געטון און געענטפערט:

— איך שטעל מיין שיף אין אייער רשות.

איצט האָט שוין דער „פּאָטיאָמקין“ חוץ דעם טאָרפּעדאָשיפל נומער 267, געהאַט אַלס באַגלייטער נאָך אַ שיף, די „וויעראַ“. די מאַטראָסן האָבן זיך צוליב דעם דערפילט שטאַלצער און זיכערער. אויפן ים זענען איצט נעבן שווארצן קאָלאָס געשטאַנען צוויי שיפן און געהאָרכזאַם אויסגעפירט אַלע באַפעלן פון די פריי געוואָרענע מאַטראָסן.

די נאַכט האָט איינגעהילט דעם ים אין אירע אָרעמס. די כוואַליעס האָבן שטיל געברומט און זיך געטוּליעט צו דעם שווארצן בוזעם פון דער נאַכט. די פאַרזאַמלטע פון ברעג זענען זיך שוין לאַנג געהאַט פונאַנדערגעגאַנגען, די שיפלעך זענען אַלע אָפּגעשוואומען. אַרום האָט געהערשט אַ שטילקייט. בלויז פון דער פּאַנצער־שיף האָט זיך געהערט פון צייט צו צייט אַן אויסרוף. דאָס האָבן די וואַך־מאַטראָסן געגעבן איינער דעם אַנדערן סיגנאַלן. צווישן די מאַטראָסן האָבן דאַמאָלס געהאַלטן וואַך קאָשובאַ, ניקיטיטש און זאַמאָשניקאָוו. ביידע זענען געשטאַנען אויפן אויבערשטן דעק און זיך צוגעקוקט

צו דער שטאָט, וואָס האָט שימערירט מיט טויזנטער פייער־לעך און האָט פון דערווייטנס געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרכישופטן פּאַלאַץ.

ס׳האָבן זיך דערהערט עטלעכע ווייטע עכאָס פון ביקסן־שאָסן. פון דער שטאָט האָט זיך דערטראָגן אַ פאַרדעכטיק גע־רויש. קאָשובאַ ניקיטיטש און זאַמאָשניקאָוו האָבן זיך פאַר־וואונדערט אָנגעקוקט.

— זעט אויס, אַז די פּאָליציי איז זיך איצט נוקם אָן דער באַפעלקערונג. זי לאָזט אויס איר צאָרן צו די אַרבע־טער, וועלכע האָבן אונז פריינטלעך באַגריסט — האָט זאַ־מאָשניקאָוו דערקלערט.

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז אין שטאָט קומט פאָר עפּעס מוראדיקס. די ביקסן־קנאַלן הערן נישט אויף. הער נאָר, אַ געדעמפּט ווידער־קול פון אויסגעשרייען, געוואַלדן. האַ, וואָס איז דאָס? פייער צונגען! אין שטאָט ברענט! אפשר מאַכן אַן אַלאַרם? — האָט קאָשובאַ געפרעגט.

— זאָלן זיך די חברים אויסרוען — האָט ניקיטיטש צוגעגעבן. — דערווייל איז עס נישט נויטיק. זע נאָר, אי־מיצער האָט אונטערגעצונדן אַ געביידע ביים ברעג. מען לויפט פון אַלע זייטן. גיב אַ קוק.

און די דריי מאַטראָסן האָבן זיך גענומען צוקוקן צו אַ בילד, וואָס האָט געמאַכט פאַרגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. דער גאַנצער ברעג איז פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט ריזיקע, פייערדיקע צונגען, אַלע מינוט האָט פון אַ געביידע אַרויסגעזועצט אַ זייל רויך, באַגלייט פון אַ רויטער, פייערדי־קער צונג. דער גאַנצער פּאָרט האָט באַלד מיט זיך פאַרגע־שטעלט אַ ים פייער. עס האָבן געברענט סקלאַדעס פון סחורה, גאַראַזשן, פאַרשידענע פּאָרט־איינריכטונגען, עטלעכע גרויסע שיפן. דאָס קנאַקן פון די געפּלאַצטע בעלקעס, דאָס קראַכן פון איינגעפאַלענע געביידעס האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם ווייטן אָפּהילך פון מענטשלעכע געוואַלדן.

— וואָס איז דאָרטן געשען? — זענען געקומען צולויפן צוויי פאַרשטייער פון דער אָדעסער אַרבעטער, קיריל און

פעלדמאַן, וועלכע זענען פאַרבליבן אויפן „פּאָטיאָמקין“ און גענומען אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע. זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין די סיבה פון דער ריזיקער שׂרפה.

— מעגלעך, אַז דער אויפגערעגטער המון האָט אונטערגעצונדן די סקלאַדעס פון פּאָרט, — האָט קיריל דערקלערט. — עס איז זיכער געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיטן מיליטער.

— אונז וועט אויסקומען צו קומען צו הילף, — האָט זאַמאָשניקאָוו געזאָגט, — איצט קאָן מען גאָרנישט וויסן. מען מוז אָפּוואַרטן ביז מאָרגן אינדערפרי. מעגלעך, אַז דער פרימאָרגן וועט ברענגען נייעס.

— אין אָדעס קומט איצט פאָר דאָס, אויף וועלכן מיר האָבן זיך גערעכנט, — האָט פעלדמאַן אויפגעקלערט, — די פינצטערע פאַרשווינען פון דער אונטערוועלט נוצן אויס די לאַגע און ראַבירן. די שׂרפה אין פּאָרט — דאָס איז זייער שטיקל אַרבעט.

פעלדמאַן און קיריל זענען די נאַכט נישט געשלאָפן. זיי זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען אויפן אויבערשטן דעק און זיך צוגעקוקט צו די שׂרפות אין שטאָט. מיט אומגעדולד האָבן זיי געוואַרט אויפן פרימאָרגן. ווער ווייסט, צי זיי וועט נאָך אויסקומען צו באַטרעטן אָדעס. די באַגייסטערטע שטימונג פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט באַגריסט די פאַנצערשיף האָט נאָך מער צעיוּשעט די ווילדקייט פון מיליטער.

אינדערפרי זענען אויף שיפלעך געקומען צופאָרן אָדעסער אַרבעטער און איבערגעגעבן וועגן דער שווידערלעכער נאַכט, וואָס די שטאָט האָט איבערגעלעבט. דאָס מיליטער האָט זיך געוואָרפן אויף דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער און געשאָסן אין דער מחנה אַריין. ס'זענען פאַראַן צענדליקער טויטע און אָן אַ שיעור פאַרוואונדעטע. דערנאָך האָבן זיך די לייט פון דער אונטערוועלט, די באַקאַנטע אָדעסער „באָסיאַקעס“, אויסנוצנדיק די מהומה געוואָרפן ראַבירן די געשעפטן. זיי האָבן אונטערגעצונדן די סקלאַדעס פון פּאָרט, כדי אַזוי אַרום צו קאָנען רויבן. דאָס מיליטער האָט געשאָסן אויף אַלע זייטן.



...דאָס מיליטער האָט זיך געוואָרפן אויף דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער...

א גאַנצע נאַכט האָט מען געהערט די קרעכצן פון די פאַר־וואונדעטע, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און קיינער האָט זיי נישט צוגענומען. אין שטאָט איז דערקלערט געוואָרן באַלאַגערונגס־צושטאַנד. פאַר דער מינדסטער קליי־ניקייט ווערט מען דערשאָסן.

— מיט נסים האָבן מיר זיך דורכגעגנבעט צו אייך, — האָבן די אַרבעטער דערקלערט. — יעדער איינער פון אונז האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן. די שטאָט ליגט אויף אייך די גרעסטע האָפענונג. איר מוזט אונז, חברים, ראַטעווען פון דער שווערער לאַגע.

מאַטושטשענקאָ האָט באַלד צונויפגערופן די קאָמיסיע. אין דער אַלגעמיינער קאַיוטע זענען זיך צונויפגעקומען די מיטגלידער און עס האָט זיך אָנגעהויבן די זיצונג. מ׳האָט באַ־טראַכט די געשאַפענע לאַגע. ס׳איז קלאָר געווען, אַז גלייכ־גילטיק צו דעם אַלעם האָט זיך „פּאָטיאָמקין" נישט געטאָרט באַציען. אָבער וועלכע מיטלען זאָל מען אָננעמען? באַמבאַר־דירן די שטאָט?

אין מיטן די באַראַטונגען איז געקומען צולויפן קאָשובאַ. ער האָט מיט אַ סאַפּנדיקער שטים איבערגעגעבן פאָלגנדיקע נייעס:

דערוויסנדיק זיך וועגן די געשעענישן אין אָדעס, זענען די מאַטראָסן געוואָרן זייער אומרואיק. אַ מייל האַלט, אַז די פּאַנצער־שיף זאָל תיכף אוועק קיין רומעניען, כדי אויסצו־מיידן אַ צוזאַמענשטויס מיט דער רעשט עסקאַדרע אויפן שוואַרצן ים. אַזאַ צוזאַמענשטויס, זאָגן די מאַטראָסן, קאָן זיך ענדיקן זייער טרויעריק פאַרן „פּאָטיאָמקין". אַנדערע האַלטן ווידער, זייער צאָל איז, אגב, זייער קליין, אַז מ׳דאַרף אָפּ־שווימען קיין סעוואַסטאָפּאָל, וואו ס׳געפינט זיך די באַזע פון דער גאַנצער עסקאַדרע און אויסדריקן באַדויערונג אויפן גאַנצן בונט.

די דאָזיקע ידיעה האָט אַלעמען געטראָפן, ווי אַ דונער. שוין? האָט זיך אַזוי שנעל אריינגעגנבעט אין די רייען פון די מאַטראָסן דאָס געפיל פון קנעכטישער פחדנות? אַלע מיט־

גלידער פֿון דער קאָמיסיע זענען געווען שרעקלעך אויפֿגע־בראַכט. מאַטושטשענקאָ האָט געשריגן:

— ווייסט איר, חברים, ווער עס זייט דעם דאָזיקן גיפֿט צווישן די מאַטראָסן? די איבערגעבליבענע אונטעראָפֿיצירן. זיי קאָנען זיך נישט באַפֿרייען פֿון צאַרישן שטיוול. קומט, חברים, מיר מוזן אונזערע ברידער אויפֿקלערן די לאַגע און באַפֿרייען זיי פֿון דעם דאָזיקן סם־געפֿיל.

די אַלע קאָמיסיע־מיטגלידער זענען אַרויס אויפֿן דעק, וואו עס זענען שוין געווען פֿאַרזאַמלט אַלע מאַטראָסן. ס׳האָבן זיך געהערט כסדרדיקע אויסרופֿן: „לאָמיר אַנטלויפֿן קיין רו־מעניען! מ׳וועט אונז דאָ צושיסן, ווי מ׳האָט צושאָסן די אָדע־סער אַרבעטער!“ און אַנדערע ווידער האָבן געשריגן: „צי וואָס קיין רומעניען? לאָמיר זיך אונטערגעבן! קיין סעוואַסטאָפּאָל!“ אָבער אַ גרעסערע גרופּע מאַטראָסן, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון אַ מער באַוואוסטזיניקערן און אינטעליגענ־טערן עלעמענט, האָט מיט ביילנדיקע פֿויסטן איבערגעשריגן ביידע פֿריערדיקע גרופּעס.

— שעמט אייך, פּחדנים, נעכטן האָט איר געזיגט און איצט ווילט איר אַנטלויפֿן, זיך אונטערגעבן! וועט איר אַריינ־פֿאַלן צו זיי אין די הענט, וועלן זיי אייך אַזוי אויך דערשיסן! מיר וועלן קיין רומעניען נישט פֿאָרן, קיין סעוואַסטאָפּאָל אודאי און נישט. מיר וועלן צוהעלפֿן אונזערע ברידער אין אָדעס. דאָס איז איצט אונזער הייליקסטער חוב.

— שטיל זאָל זיין! — האָט מאַטושטשענקאָ באַפֿוילן. — שרייט נישט אַלע צוזאַמען, הערט אויס דעם חבר קיריל. דער־נאָך וועט איר קאָנען קומען מיט טענות.

אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן. פֿאַר קירילן האָט מען דרך ארץ געהאַט. ער איז פֿון אָדעס, דער פֿאָרשטייער פֿון די אָרטיקע אַרבעטער. די מאַטראָסן האָבן געוואָלט הערן, וואָס ער וועט זאָגן. קיריל איז אַרויפֿגעקראָכן אויף איינעם פֿון די שטייענדיקע האַרמאַטן און מיט אַ רואיקער, אָבער שניידנדי־קער שטים האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן. זיינע ווערטער זענען געפֿאַלן, ווי שאַרפֿע פֿיילן אין די הערצער פֿון די מאַטראָסן.

ביסלעכווייז איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מ׳האָט געהערט דאָס אָטעמען פֿון יעדן איינעם.

— ברידער מאַטראָסן, — האָט ער אָנגעהויבן, — דאָס גאַנצע רוסישע פֿאָלק קוקט אויף אייך, ווי אויף העלדן. ווילט איר באַשמוצן, איר, מיט אייערע אייגענע הענט די העלדישע מעשים, וואָס זענען דורך אייך אָפּגעטון געוואָרן? דאָס רוסישע פֿאָלק קרעכצט אונטערן יאָך פֿון צאַר, דאָ און דאָרט רייסן זיך אַרויס מחנות, וועלכע ווילן זיך באַפֿרייען פֿון דעם דאָזיקן יאָך, עס גייט אָן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. און אָט האָבן די זין פֿון פֿאָלק דערהערט וועגן אייער נצחון. אַ פֿרייד האָט זיי אַלעמען אַרומגענומען, מוט און גלויבן איז אַריינגעגעבן געוואָרן אין זייערע נשמות. איר זענט דער לייכטורעם אין דער שטורעמדיקער נאַכט פֿון אונזער קאַמף מיט דער ווילדער סטיכיע. לעשט אים נישט אויס, היט אָפּ זיין פֿייער! געדענקט מאַטראָסן פֿון דער שיף „פּאָטיאָמקין“, אַז אייערע מעשים וועלן אַריבערגיין אין דער געשיכטע, וועגן אייערע העלדנטאַטן וועלן מיט באַוואונדערונג דערציילן אייערע אייניקלעך. פֿאַרגעסט־זשע אָן דער פּחדנות, וואָס מען וויל אין אייך צוריק איינפֿלאַנצן. איצט זענט איר פֿריי, ווי וועט זיין צו אייך, ווען איר וועט נאָכאַמאָל ווערן קנעכט.

אַ מעכטיקער אויסגעשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון אַלעמענס ברוסטן: — ניין, ניין, מיר וועלן נישט זיין מער קיין קנעכט!

נאָך קיריל האָבן גערעדט פֿעלדמאַן, דער אָפֿיציר קאָוואַלענקאָ און אַנדערע מיטגלידער פֿון דער קאָמיסיע. דער לעצטער האָט גערעדט מאַטושטשענקאָ.

— שטילער זאָל זיין, אונזער ליבער מאַטושטשענקאָ גייט רעדן! — האָבן זיך די מאַטראָסן קעגנזייטיק באַרואיקט. מיט אָפֿענער מיילער און צופֿלאַמטע געזיכטער האָבן זיי אויסגעהערט די שאַרפֿע רעדע פֿון זייער חבר.

— מיר אַלע האָבן געשוואוירן, — האָט מאַטושטשענקאָ אָנגעהויבן, — אַז מיר וועלן שטעלן אונזער געוואונענע קראַפֿט,

אונזער פּאַנצער־שיף, אין רשות פון דעם קעמפּנדיקן רוסישן פאָלק, ענטפערט, איר האָט געשוואוירן?

— יאָ, מיר האָבן געשוואוירן און וועלן אונזער שבועה האלטן! — האָט זיך געהערט אַ הילכיקער ענטפער פון אַלע מאַטראָסן.

— אויב אַזוי, זענען מיר אַלע גרייט אַוועקצוגעבן אונזערע לעבנס אין דעם דאָזיקן בלוטיקן קאַמף מיטן צאַר. ווער עס איז נישט גרייט צו לייגן זיין קאָפּ פאַר די זאַך פון פאָלק, זאָל אַנטלויפן קיין רומעניע, זאָל אָפּשווימען קיין סעוואַס־טאָפּאָל. ענטפערט, ווער וויל פאָרן קיין רומעניע, ווער איז גרייט זיך אונטערגעבן אין סעוואַסטאָפּאָל?

— קיינער נישט, קיינער נישט! — האָבן זיך געהערט שטימען אין איין כאָר. — מיר זענען גרייט אַלע צו שטאַרבן! מיר וועלן נישט פאַרראַטן אונזער זאַך! נידער מיט די פחדנים און פאַררעטער!

— הערט־זשע, ברידער מאַטראָסן, — האָט מאַטושש־טשענקאָ ווייטער געדונערט מיט זיין שטים, — איצט איז גע־קומען די צייט ווען מיר מוזן אויסנוצן אונזער געוואוגנגע קראַפט. היינט מוז געעפנט ווערן פון אונזערע האַרמאַטן אַ פייער אויף דער שטאָט. מיר מוזן נקמה נעמען פאַר דעם פאַר־גאָסענעם בלוט פון אונזערע אָדעסער ברידער. ווער פון אייך איז קעגן דעם? ענטפערט!

— קיינער נישט! קיינער נישט! לאָמיר שטורמען אָדעס! — האָבן אַלע געענטפערט.

דער ווילן, וועלכער האָט זיך פריער געהאַט געבראָכן, האָט זיך צוריק פאַרפעסטיקט. דער צווייפל, דאָס פחדנות איז פאַרשוואונדן געוואָרן, ווי רויך. די מאַטראָסן האָבן זיך איי־נער דעם אַנדערן געמאַכט פאָרוואורפן פאַר זייער וועלן אַנ־טלויפן, אָדער זיך אונטערגעבן. מ׳איז געשטאַנען גרייט אויסצופירן יעדן באַפעל פון דער קאָמיסיע.

דער באַשלוס וועגן באָמבאַרדירן אָדעס איז דורך דער קאָמיסיע באַשטעטיקט געוואָרן. באַלד האָט זיך אויפן דעק אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג. קודם כל איז נויטיק געווען

פעסטצושטעלן, אויף וועלכע ערטער פון דער שטאָט עס געפינט זיך דאָס מיליטער. דאָס שיסן סתם אין שטאָט אריין וואָלט געקאָסט אַ סך אומשולדיקע מענטשלעכע לעבנס. דאָס באָמבאַרדירן האָט אויך געדאַרפט אָפּשרעקן די אָדעסער מיליטערישע מאַכט, וועלכע האָט איצט איבערגענומען די גאַנצע מאַכט איבער דער שטאָט. די קאָמוניקאַציע מיט דער שטאָט איז געוואָרן איבערגעריסן. די מיליטערישע מאַכט האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צום „פּאָטיאָמקין". דער גאַנצער ברעג איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ געדיכטן קאָרדאָן מיליטער און יעדער איינער, וואָס האָט זיך געוואָלט אַדורכגנבענען אויף אַ שיפל צו דער פּאַנצער־שיף איז אומבארחמנותדיק דערשאָסן געוואָרן. צו דער שיף איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן קיין שום פּראָוויאַנט. די מיליטערישע מאַכט האָט אַזוי אַרום געוואָלט צווינגען דעם „פּאָטיאָמקין", אַז ער זאָל פאַרלאָזן דעם אָדעסער פּאָרט.

— זיי פּראָוואָצירן אונז צו אַ קאַמף! — האָט פעלדמאַן דערקלערט, — זיי ווילן אונז אויסהונגערן.

— די ערשטע האַרמאַטן־קוילן שיקט אין מיליטער אַריין, וואָס געפינט זיך אויפן ברעג, — האָט קיריל געזאָגט צו מאַטושטשענקאָ, — זאָלן זיי די ערשטע דערפילן אונזער כח.

— חברים מאַטראָסן, — האָט מאַטושטשענקאָ צונויפגעזאַמלט די אַרטילעריסטן און זיי אינפאָרמירט וועגן דער נייעשאַפענער לאַגע, — אָדעס איז איצט פון אונז אָפּגעשניטן. מ'לאָזט קיינעם נישט צו אונז. אונז קאָן אויסגעפעלן פּראָוויאַנט אויב מיר וועלן נישט צווינגען דאָס אָדעסער מיליטער זיך אונטערצוגעבן. איצט האָבן זיי אונז דערקלערט אַ קאַמף און מיר מוזן דעם קאַמף אויפנעמען, נו, זייט גרייט!

עס האָט זיך דערהערט דער שטורעם־אַלאַרם. די אַרטילעריסטן האָבן פאַרנומען זייערע ערטער בײַ די האַרמאַטן. קאָוואַלענקאָ און מאַטושטשענקאָ זענען געשטאַנען אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט. עס האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע:

— פייער!

דער ריזיקער בנין פון דער שיף האָט אַ ציטער געטון.

ס׳האָט זיך דערהערט אַ קראַך, ווי אַ מעכטיקער דונער וואָלט זיך אָנגעקלאַפּט אָן אַ בלעכענעם דאַך. די האַרמאַטן־קויל איז אַריבערגעפלויגן איבערן ברעג, אויסגעמיטן דאָס מיליטער און אַרייַנגעפאַלן אין שטאָט אַריין. ס׳האָט זיך דערהערט אַ צווייַ־טער באַפעל: פייער! און ווידער אַ דונערנדיקער קראַך. אויך דער דאָזיקער שאָס האָט נישט געטראָפן אין ציל. די מאַט־ראָסן האָבן נאָך נישט געהאַט געמאַכט קיין איבונגען אין שיסן מיט האַרמאַטן־קוילן און דעריבער האָבן זיי נישט געקאָנט טרעפן אין ציל. אַפילו דער דריטער שאָס, וועלכער איז געגעבן געוואָרן אין דער געביידע פון טעאַטער, וואו ס׳האָט זיך געפונ־נען דער שטאַב פון מיליטער, האָט אויך נישט געטראָפן. מ׳האָט געמוזט אָפּשטעלן דאָס באָמבאַרדירן די שטאָט, כדי נישט אומצוברענגען קיין זייטיקע, אומשולדיקע מענטשן.

אָבער דאָס שטורמען די שטאָט האָט פונדעסטוועגן אַרויס־גערופן אַ מהומה אין מיליטער. לכתחילה האָבן די זעלנער גענומען שיסן אין דער פאַנצער־שיף. אָבער נאָכן צווייטן האַר־מאַטן־שאָס זענען זיי זיך אַלע צולאָפן און אויפן ברעג איז נישט איבערגעבליבן קיין איין זעלנער. ווי ס׳איז געווען צו זען, האָט דאָס באָמבאַרדירן געהאַט אַ באַשטימטע ווירקונג. דאָס מיליטער פון ברעג האָט געמוזט אָפּטרעטן.

מאַטושטשענקאָ איז אַראָפּגעלאָפן פון זיין אָבסערוואַציע־בריקל און האָט געהייסן אָפּשטעלן די שיסעריי. באַלד איז זיך צונויפגעקומען די קאָמיסיע און אָפּגעהאַלטן אַ באַראַ־טונג. ווייטער שיסן, נישט וויסנדיק גענוי, וואו עס געפינען זיך אַלע מיליטערישע געביידעס, איז געווען איבעריק. מ׳האָט זיך באַראַטן וועגן ווייטערדיקן פּלאַן פון דער אַקציע קעגן אָדעסער מיליטער. איידער מ׳האָט באַוויזן עפּעס צו באַשליסן, האָבן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע דערהערט אַ שטאַרק זשומען פון דעם אויפנעם־אַפּאַראַט פון דראָטלאָזן טעלעגראַף. מ׳האָט איבערגעריסן די באַראַטונגען און אַלע האָבן זיך פאַר־וואונדערט אָנגעקוקט: פון וועמען קאָן עס זיין די דעפּעשע? זאָל עס זיין פון אָדעס? מאַטושטשענקאָ האָט אַ רוף געטון דעם טעלעגראַפיסט און געפרעגט:

— ווער טעלעגראַפירט עס צו אונז ?
— דאָס איז נישט צו אונז. אונזער אַפּאַראַט האָט ווייזט אויס איבערגעכאַפּט אַ דעפּעשע, וואָס איין שיף שיקט צו די צווייטע. וואַרט צו אַ ווייל. מיר אַרבעטן טאַקע איבער דעם שיפר פון דער דעפּעשע. איך וועל אייך מעלדן איר אינהאַלט.
דער טעלעגראַפיסט איז שנעל צוגעלאָפן צו אַפּאַראַט, וועלכער האָט כסדר געזשומעט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער מיט אַ טריאומף געשריי אויסגעשריגן :
— כ'האָב געכאַפּט ! אָט האָט איר דעם טעקסט. — ער האָט שנעל אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער לויט די צייכנס, וואָס דער אַפּאַראַט האָט געמאַכט און הויך פאָרגעלייענט :
„פּאַנצער־שיף „טרי סוויאַטיטעליאַ“ צו דער פּאַנצער־שיף „דוויענאַדצאַט אַפּאָסטאָלאָוו“: די שיף „קניאַז פּאָטיאָמקין“ געפינט זיך נישט ווייט פון אָדעסער פּאָרט“.
— אהאַ, מ'זוכט אונז ! — האָט קאָוואַלענקאָ אויסגעשריגן, — הייסט עס, אַז ס'איז צו דערוואַרטן אינגיכן אַ באַגעגעניש מיט דער עסקאַדרע.
— יאָ, איצט הויבט זיך אָן דער אייגנטלעכער קאַמף, — האָט מאַטושטשענקאָ צוגעגעבן.
איצט האָט מען שוין מער נישט געטראַכט וועגן באָמבאַרדירן אָדעס. דער דאָזיקער ענין איז איצט אָפּגערוקט געוואָרן אָן אַ זייט. די פּאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין“ איז אַריינגעטרעטן אין דעם ערשטן קאַמף מיטן שונא, וועלכער האָט זי אַרומגעזוכט אויף די וואַסערן פון שוואַרצן ים. יעדע שעה האָט מען געדאַרפט דערוואַרטן דאָס אָנקומען פון דער עסקאַדרע, יעדע שעה האָט געקאָנט ברענגען דעם אָנהויב פון אַ שווערן, בלוטיקן קאַמף.
די געזיכטער פון די מאַטראָסן זענען געוואָרן שטרענג און ערנסט. קיינער האָט נישט געוואוסט מיט וואָס דער קאַמף וועט זיך ענדיקן. אָבער איין זיכערקייט האָבן אַלע געהאַט, אַז אונטערגעבן אַ לעבעדיקער וועט זיך קיינער נישט.

## .3

איצט האָט די קאָמיסיע געהאַט צו באַטראַכטן אַ נייעם ענין: די באַגעגעניש מיט דעם צאַרישן פלאָט, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף צו „באַרואיקן" די צעבונטעוועטע מאַטראָסן. וואָס אַזאַ „באַרואיקן" באַטייט, האָבן אַלע שוין צו גוט געוואוסט.

די קאָמיסיע האָט קודם כל אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע באַפעלן: אַלע הארמאטן זאָלן ווערן אָנגעלאָדן. די אַרטילעריסטן מוזן שלאָפן נעבן די הארמאטן און טאָרן זיך נישט אויסטון, זייענדיק גרייט יעדע סעקונדע צו געבן פייער. אין אַלע אַכצן קעסלען זאָל, ווי ביז איצט, אויפגעהאַלטן ווערן דער דאַמף און אויב עס וועט נויטיק זיין, זאָל מען ברענגען אין באַוועגונג די רעשט פיר קעסלען; אַכטונג געבן, אַז אַלע מאַשינען, מעכאַניזמען, שרויפן און רעדער זאָלן זיך געפינען אין דער בעסטער אָרדענונג. קיין שום זאַך זאָל נישט פעלן, אַלץ זאָל זיך געפינען אונטער דער האַנט, ווי נאָר מ׳וועט דאַרפן. ביי־נאַכט דאַרף דער ים באַלויכטן ווערן מיט די גרויסע מיליטער־רישע רעפלעקטאָרן און דאָס טאָרפעדאָ־שיפל מיט דער אַנדערער שיף דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן אויפן אָפענעם ים, כדי צו אָבסערווירן, אויב עס באַווייזן זיך נישט די צאַרישע שיפן. גלייכצייטיק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל פאַר דער גאַנצער שיף־מאַנשאַפט אָן אויסנאַם צו שלאָפן אין די מלבו־שים. אפילו דעם דאָקטאָר האָלענקאָ איז אָנגעזאָגט געוואָרן נישט אויסצוטון זיך ביינאַכט, הגם ער איז געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון באַקוועמלעכקייט.

און כדי זיך איבערצוצייגן, צי אַלע באַפעלן זענען גע־וואָרן פּינקטלעך אויסגעפירט, האָט מאַטושטשענקאָ געמאַכט אַ פּרואוו־אַלאַרם. מ׳האָט גענומען פּויקן און אַלע זענען במשך פון עטלעכע סעקונדן געווען יעדער אויף זיין אָרט. די דיס־ציפּלין אויף דער שיף איז געווען אַ פעסטע. דער גאַנצער אַפּאַראַט האָט געטון און פּינקטלעך פונקציאָנירט. יעדער האָט זיך געפילט זיכער און אויף קיין שום געזיכט איז נישט געווען צו באַמערקן וועלכע ס׳איז מורא. נאָכן פּרואוו־אַלאַרם זענען

זיך די מאַטראָסן צוגאַנגען. ס׳איז אָנגעקומען די נאַכט, דער הימל איז אַלע ווייל באַלויכטן געוואָרן מיט אַ העלן אָפּשיין פֿון די שיף־רעפֿלעקטאָרן. די מיטגלידער פֿון דער קאָמיסיע האָבן זיך אַלע צוויי שעה געטווישט מיט דער וואַך. מ׳האָט גע־קוקט אויפֿן באַלויכטענעם האָריזאָנט. מ׳איז געווען זיכער, אַז די עסקאַדרע וועט דעם אָנפֿאַל מאַכן ביינאַכט. אָבער אין ער־גיץ האָט זיך נישט באַוויזן אַפֿילו קיין צייכן פֿון קיין שיף.

די נאַכט איז אַדורך אין פֿולשטענדיקער רו. אינדערפֿרי איז „פּאָטיאָמקין" מיט זיין באַגלייטער, דאָס קליינע טאָרפּע־דאָ־שיפֿל געשטאַנען אין פֿולער קריגס־גרייטקייט. די שיף „וויערא" איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, כדי צו האָבן אַ מעגלעכקייט תיכף צו באַזאָרגן מיט הילף די פֿאַר־וואונדעטע. און כדי דער שונא זאָל נישט באַשיסן די „וויערא" האָט מען אויף זיין מאַסט־בוים אַרויסגעהאָנגען אַ ווייסע פֿאָן מיט אַ רויטן קרייץ. דער דאָקטאָר צוזאַמען מיטן פֿעלדשער האָבן איבערגעטראָגן אויף דער שפּיטאָל־שיף פֿאַרשידענע מעדיקאַמענטן און כירורגישע מכשירים. די צוגרייטונג צו דער בלוטיקער שלאַכט איז נעגאַנגען אין פֿולן טעמפּאָ.

דימטשענקאָ, וועלכער האָט געהאַלטן וואַך אויפֿן אויי־בערשטן בריקל, איז שנעל אַראָפּגעלאָפֿן אויפֿן דעק און מודיע געווען, אַז ער האָט באַמערקט אויפֿן האָריזאָנט צוויי קליינע פּונקטן, „דאָס זענען אָן שום ספק, דעם שונאס שיפֿן" — האָט ער פֿאַרזיכערט. אַלע זענען צוגעלאָפֿן צו די לעכער און מיט לאָרנעטעם באַטראַכט דעם האָריזאָנט. מ׳האָט שוין דייטלעך געקאָנט זען די שפּיצן פֿון די מאַסטבוימער. די צאַרישע עס־קאַדרע איז נעגאַנגען אויפֿן „פּאָטיאָמקין".

עס האָט זיך דערהערט די קאָמענדע. אַלע מאַטראָסן זע־נען תיכף געווען אויף זייערע באַשטימטע ערטער. דער מאָ־מענט איז געווען אַ שפּאַנענדער, אַ שווערער. אַלע האָבן נער־וועז געוואַרט אויף דער דעצידירנדיקער מינוט. אָבער אָט איז געשען אַ פֿאַקט, וואָס האָט באַוויזן, אַז אויף דער שיף געפֿי־נען זיך עטלעכע פֿאַררעטער. דער ערשטער, וועלכער האָט דאָס דאָזיקע באַמערקט, איז געווען דער אָפֿיציר קאָוואַלענקאָ. אין

זיינע זכרונות דערציילט ער וועגן דעם דאָזיקן פּאַסט פּאָלנג־דיקע איינצלהייטן:

„איך בין געגאַנגען באַטראַכטן, צי דער מיליטערישער אַמבולאַנס, וואָס דאַרף געבן די ערשטע הילף די פּאַרוואונ־דעט, געפינט זיך אין אָרדנונג. דאָרטן איז געשטאַנען דער אָפּעראַציע־טיש באַדעקט מיט אַ ליילעך. אַרום טיש זענען אויף בענק געווען אויסגעשטעלט סלאָיען מיט פאַרשידענע הייל־מיטלען. דער פעלדשער ברונג האָט צוזאַמען מיט די סאַניטאַרן שנעל געוויקלט די באַנדאַזשן.

— וואו־זשע איז דער דאָקטאָר? — האָב איך געפרעגט ברונגן.

— אויף דער „וויעראַ".

— וואָס באַטייט דאָס? ער איז נישט צוריקגעקומען?

— ניין. ער וועט שוין, זעט אויס, נישט צוריקקומען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין דער צייט פון דער שלאַכט וועט ער זיין אויף דער „וויעראַ".

— איז ער משוגע צי וואָס! — האָב איך אויסגערופן, — די פּאַרוואונדעטע וועלן דאָך זיין דאָ, נישט אויף זיין שיף, ווער־זשע וועט זיי געבן די ערשטע הילף? דאָס איז דאָך סקאַנדאַליעז. ווי אַזוי רופט מען אים צוריק?

— ער האָט כמעט אַלע הייל־מיטלען מיטגענומען מיט זיך, — האָט דער פעלדשער דערקלערט, — איך האָב קוים ביי אים געפּועלט, אַז ער זאָל עפּעס איבערלאָזן, כדי צו קאָנען דאָ איינאָרדנען די ערשטע הילף פאַר די פּאַרוואונדעטע.

איך האָב פאַר יעדן פּרייז באַשלאָסן אַרויפצושלעפּן דעם דאָקטאָר צוריק אויף דער פּאַנצער־שיף. כ'האָב דעריבער אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז מ'זאָל אַרויסשיקן אַ שליח אויף דער „וויעראַ" און אין נאָמען פון דער גאַנצער מאַנשאַפט פאָדערן, אַז דער דאָקטאָר זאָל זיך תיכף אומקערן אויף דער פּאַנצער־שיף. אינגיכן איז צוריקגעקומען דער שליח און געמאָלדן, אַז דער דאָקטאָר וויל בשום אופן נישט צוריקגיין אויפן „פּאָ־טיאָמקין". ס'איז שוין געווען שפּעט עפּעס אויפצוטון, ווייל די עסקאַדרע האָט זיך שוין צו אונז דערנענטערט".

פֿון קאָוואַלענקאָס דערציילן ווערט קלאָר, וואָס פֿאַר אַ ראָל דער דאָקטאָר האָלענקאָ האָט דאָ געשפּילט. זעענדיק, אַז די צאַרישע עסקאַדרע דערנענטערט זיך, האָט ער זיך תיכף איבערגעפּעקלט אויף דער „וויערא“, כדי אין דעם געהעריקן מאָמענט צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַן פֿון דער דאָזיקער שיף אַריבערגיין אויף דער זייט פֿון שונא. די דאָזיקע פֿאַררעטערישע האַנדלונג פֿון דעם דאָקטאָר האָלענקאָ האָט אויף אַלע מאַטראָסן געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. אַ סך האָבן זיך געריסן צו דער „וויערא“, כדי דעם דאָקטאָר צוגעבן דעם געהעריקן פּסק. אָבער ס'איז שוין, ווי געזאָגט, געווען צו שפּעט. צום „פּאָטיאָמקין“ האָבן זיך דערנענטערט די קרייצער־שיפֿן „דוויענאַדצאַט אַפּאָסטאָלאָוו“, „טרי סוויאַטיטיעליאַ“, „געאָרגי פּאָביעדאָנאָסיעץ“ צוזאַמען מיט נאָך זיבן טאָרפּעדאָ־שיפֿלעך. דער דאָזיקער פֿלאָט האָט זיך גלייך געלאָזט אויף דער רעוואָלוציאָנערער פּאַנצער־שיף.

דער „פּאָטיאָמקין“ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין מעכטיקן, שטאָלערנעם ווילן. אַלע מאַטראָסן, הייצערס, אַרטילעריסטן, מאַשיניסטן, אַלץ איז געשטאַנען אין דער פֿולער גרייטקייט צו געבן דעם קעגנער אַן אַנטשידענעם קלאַפּ. פֿון יעדנס פּנים האָט מען געקאָנט אָראָפּלייענען די זיכערקייט אין נצחון. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַלע ליפּן שעפּטשען שטילערהייט: „קיין שום קראַפֿט אין דער וועלט וועט אונז נישט גובר זיין“. די קעסלען האָבן געברומט, ווי לייבן, וועלכע גרייטן זיך צו וואַרפֿן אויף זייער רויב, די פּיסקעס פֿון די האַרמאַטן זענען, דוכט זיך געווען אומגעדולדיק און שוין געוואָלט שלייַדערן די פֿייער־קוילן אין שונא. דער גאַנצער ריז פֿון שטאָל און אייזן האָט שווער געאָטעמט און געסאָפּעט, ווי אַ לעגענדאַרישע חיה. איין באַפֿעל, איין צייכן — און פֿון אַלע לעכער פֿון „פּאָטיאָמקין“ וואָלט זיך אַ שאָט געטון אַ האָגל פֿייער.

— קיין איינער זאָל זיך לעבעדיק נישט אונטערגעבן! — האָט געשריגן דימטשענקאָ.

— אָדער זיגן, אָדער שטאַרבן! — האָט באַפֿוילן קאָוואַלענקאָ.

— גאַנץ רוסלאַנד וואַרט אויף דעם אויסגאַנג פֿון דער איצטיקער שלאַכט צווישן פֿרייהייט און קנעכטשאַפֿט! — האָט אויסגערופֿן זאַמאַשניקאָוו.

מאַטושטשענקאָ איז געלאָפֿן פֿון איין גרופּע מאַטראָסן צו דער אַנדערער. ער איז געלאָפֿן אַרויף און אַראָפּ, אַכטונג געגעבן אויף די אַרטילעריסטן, אַריינגעקוקט צו די הייצערס, אַרויסגעגעבן באַפֿעלן צו די מאַשיניסטן, אָנגעשטעלט דעם ציל צו שיסן און צו אַלעמען געזאָגט:

— אין אייערע אייגענע הענט ליגט איצט אייער גורל, איר טאָרט דעריבער אויף קיין איין מינוט נישט פֿאַרלירן דעם מוט. איר קעמפֿט פֿאַר אַ יי ע ר זאַך!

דער „פּאָטיאָמקין" האָט אָנגעהויבן צו שניידן די כוואַליעס פֿון ים און זיך שנעל גענומען רוקן פֿאָרויס, גלייך אַנט־קעגן דער איבערוויגנדיקער מערהייט קרייצער־שיפֿן, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איך האָב פֿאַר אייך קיין מורא נישט!". אַזוי זענען געגאַנגען איינער אַנטקעגן אַנדערן צוויי כוחות, צוויי געפֿערלעכע קעגנער און דער ים האָט געוואַרט אויף דעם ערשטן סיגנאַל פֿון קאַמף.

אָבער וואָס איז דאָס? צי האָט די צאַרישע עסקאַדרע מורא באַקומען? צי האָט זי זיך דערשראָקן פֿאַר דער צעבונ־טעוועטער שיף? אַלע פּאַנצער־שיפֿן פֿון רוסישן פֿלאָט האַלטן איין זייער לויף, אָט שטעלן זיי זיך ענדלעך אָפּ אין מיטן ים. אויפֿן „פּאָטיאָמקין" קומט פֿאָר אַ שנעלער באַראַטונג. און מען באַשליסט אויך זיך אָפּצושטעלן.

— אפשר איז עס אַ מאַנעוור פֿון שונא? — זאָגט קאָ־וואַלענקאָ, — אויב זיי בלייבן שטיין, מוזן מיר זיך אויך אָפּ־שטעלן.

דער טעלעגראַפֿיסט קומט צולויפֿן. ער האָט אַ דעפּעשע. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער צאַרישער פֿלאָט ווענדט זיך צו די מאַטראָסן מיט אַן אַפּעל. די דעפּעשע לויטעט: „מאַטראָסן פֿון שוואַרצן ים, אייער טאַט פֿאַרשאַפֿט אונדז גרויס עגמת־נפֿש, זאָגט, וואָס פֿאָדערט איר?"

דימטשענקאָ האָט זיך צולאַכט:

— כ'פאַרשטײ, אַז אונזער מאַט פאַרשאַפט זײַן נישט קײן גרויס פאַרגעניגן. זײ װילן װיסן, װאָס מיר פאָדערן? זאָלן זײ זיך מטריח זײַן אַרויפצוקומען אויף אונזער שיף, װעלן מיר זײ דיקטירן אונזער װילן!

ס'איז באַשלאָסן געװאָרן אַרויסצושיקן פאָלגנדיקע תשו־בה: „אויב איר װילט זיך באַקענען מיט אונזערע פאָדערונגען, שיקט אַרויס אײַערע פאַרשטײער אויף אונזער שיף. מיר גאַ־ראַנטירן, אַז ס'װעט זײ גאָרנישט געשען“.

ס'זענען אַדורך צען מינוט. די שיפן זענען געשטאַנען אײנע אַנטקעגן די אַנדערע און בלויז געקרעכצט מיט די מעכ־טיקע ברוסטן־קעסלען. מ'האָט אויפן „פּאָטיאָמקין“ געװאַרט. װעט אָנקומען אַ תשובה? ס'זענען אַדורך נאָך צען מינוט. מ'האָט אומגעדולדיק געהאַלטן די זײגערס אין די הענט. דער טעלעגראַפיסט איז געשטאַנען בײַם אַפּאַראַט און אומגעדולדיק געװאַרט. דער אַפּאַראַט האָט געשװיגן. קײן ענטפער איז נישט געװען.

— אויב אַזױ איז געגרײט זיך צום קאַמף! — האָט מאַטושטשענקאָ פאַרגעלײגט, — קודם כל דאַרפן מיר אָנגרײפן די ערשטע. אונזער דרײסטקײט װעט זײ זיכער אָנשרעקן.

— לאָזן די שיף אויפן גאַנצן דאַמף, אויף אַלע קעסלען!

— האָט זיך געהערט אַ באַפעל און דער „פּאָטיאָמקין“ האָט מיט אַ געװאַלדיקער שנעלקײט זיך געלאָזט גלײַך אויף דער עסקאַדרע. אין דער גרעסטער שפּאַנונג זענען אַלע געשטאַנען אויף די װאַך־בר קלעך און אַרויסגעקוקט, כדי צו זען דעם אָנ־הויב פון דעם בלוטיקן געראַנגל.

— הוראַ פּחדנים! — האָט זיך געהערט דימטשענקאָס געשרײ פון אויבערשטן דעק.

— װאָס איז געשען? — האָט געפרעגט קאָװאַלענקאָ, װעלכער איז געװען אונטן.

— זײ אַנטלויפן! זײ ציען אָפּ! הוראַ! — האָבן זיך שוין געהערט פון אַלע זײַטן טריאומפירנדיקע אויסגעשרײען.

און געשען איז טאַקע עפּעס װאונדערלעכעס, אומפאַר־שטענדלעכעס, אויף װעלכן קײנער האָט זיך נישט גערעכנט. די

גאַנצע עסקאַדרע, וועלכע איז דאָך געווען פּילפּאַכיק שטאַר־קער, האָט זיך שנעל אָנגעהויבן צו דערווייטערן און איז אַרויס ווייט צום האָריזאָנט צו. אין דער ערשטער מינוט האָט זיך קיינער נישט צוגעגלויבט זיינע אייגענע אויגן. אַנטלויפט טאַקע די צאַרישע עסקאַדרע פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן „פּאָ־טיאָמקין“?

— זאָלן מיר זיי נאָכיאָגן? — האָט געפרעגט קאָשובאַ.

— צו וואָס? אויב זיי מיינען אונז אַרויסצונאַרן אויפן אָפענעם ים האָבן זיי אַ טעות, — האָט מאַטושטשענקאָ דער־קלערט, — מיר פירן נישט קיין ים־מלחמות, מיר ווילן נישט איינגעמען קיין לענדער, מיר זענען זין פון רוסישן פאָלק און ווילן בלויז פאַרטיידיקן אונזער פרייהייט.

— דאָס נאָכיאָגן איז אַן איבעריקע זאַך, — האָט פון זיין זייט אויפגעקלערט קאָוואַלענקאָ, וועלכער איז געווען אַ דערפאַרענער ים־אָפיציר. מעגלעך, אַז זיי האָבן אין וואַסער אונטערגעוואָרפן מינעס. מיר פאָרן צוריק קיין אָדעס, חברים! מיר דאַרפן קומען צוהילף אונזערע דאַרטיקע קעמפער.

און באַלד האָט דער „פּאָטיאָמקין“ אויסגעדרייט זיין מעכ־טיקן קערפּער און גענומען שווימען צוריק קיין אָדעס. באַ־רואיקטע, פול מיט נצחון־געפיל און פרייד זענען די מאַט־ראָסן אַוועק אין זייערע קאַיוטעס. אַלע זענען געווען אויס־געהונגערט. מ׳האָט גענומען עסן מיטאָג. אָבער אויף דער שיף איז אויסער סוכאַרעס און וואַסער נישט געווען קיין שום אַנ־דער עסנוואַרג. אפילו דער זאַפּאַס פון זיס וואַסער האָט אָנ־געהויבן אויסצוגיין און כדי איינצושפּאָרן האָט מען עס גע־מוזט מישן מיטן געזאַלצענעם ים־וואַסער. אָבער די מאַטראָסן האָבן נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע אומצופרידנקייט. פאַר־קערט, זיי האָבן מיט גרויס געשמאַק געגעסן די טרוקענע סו־כאַרעס, נאָכזופּנדיק דאָס זייער נישט געשמאַקע וואַסער און מיט געלעכטער און חוזק דערציילט וועגן דעם פּחדנותדיקן אַנטלויפן פון דער צאַרישער עסקאַדרע.

— אַזוי פיל שיפן און זיך פאַרט דערשראָקן פאַר אונזער „פּאָטיאָמקין“!

— אפילו ווען עס זאָלן קומען צען מאָל אזויפיל שיפן וועלן מיר זיי געבן צו שמעקן, אז זיי וועלן מוזן מאכן אַ ויברח.

— פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַנצער־שיף מוז מען דרך־ארץ האָבן! זאָל לעבן די פּאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין“.

— זאָל לעבן אונזער „פּאָטיאָמקין!“ — האָט זיך גע־טראָגן אַן אויסרוף פול מיט יובל אין אַלע ווינקעלעך פון דער שיף.

די מאַטראָסן האָבן זיך צוליינט אויפן דעק און גענומען זינגען לידער. אונטער דעם אקאָמפּאַניאַמענט פון דעם מאַט־ראָסן־געזאַנג איז דער „פּאָטיאָמקין“ צוגעשוואומען צו אָדעס.

מ׳האָט נאָך נישט באַוויזן צו באַטראַכטן די שטאָט און זיך צו דערוויסן פון דאָרט עפּעס נייעס, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַן אַלאַרם. אַלע מאַטראָסן זענען זיך שנעל צונויפ־געלאָפן אויפן פאַרזאַמלונגס־אָרט און מיט פאַרוואונדערונג גע־פרעגט וואָס ס׳איז געשען.

— די עסקאַדרע האָט זיך ווידער באַוויזן אויפן האָרי־זאָנט! — האָט מאַטושטשענקאָ געמאָלדן, — זי באַשטייט איצט פון מער שיפן, ווי פריער. זעט אויס, אַז זיי האַלטן אונז פאַר אַ שטאַרקן קעגנער, אויב זיי האָבן געמוזט פאַרגרעסערן דעם פלאָט.

— איצט איז אַ שלאַכט אומפאַרמיידלעך! — איז קאָ־וואַלענקאָ געוועזן זיכער, — צו אַלדי טייוול, וואו איז דער דאָקטאָר? מיר וועלן נישט האָבן ווער ס׳זאָל אָפּערירן אונזע־רע פאַרוואונדעטע!

ס׳איז נאָך געוועזן צייט. קאָוואַלענקאָ האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף אַ שיפל און צוגעשוואומען צו דער „וויערא“. דער דאָקטאָר האָט זיך קוים געלאָזט איבעררעדן אַריבערצו־גיין אויפן „פּאָטיאָמקין“. אויף אַלע פראַגן פון קאָוואַלענקאָ האָט דער דאָקטאָר געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער און געהאַט אַ שרעקלעך זויערע מינע.

ווען קאָוואַלענקאָ איז מיטן דאָקטאָר אַרויפגעקומען אויף דער פּאַנצער־שיף, האָט מאַטושטשענקאָ איראָניש באַמערקט:

— זעט אויס, הער דאָקטאָר, אַז אויף דער צאַרישער שיף האָט איר זיך בעסער געפילט.

דער דאָקטאָר האָלענקאָ האָט גאָרנישט געענטפערט און איז אַוועק אין אַמבולאַנס צוגרייטן באַנדאַזשן.

אויפן „פּאָטיאָמקין" איז דערווייל די צוגרייטונגס־אַרבעט ווידער געגאַנגען אין אַ בליצשנעלן טעמפּאָ, אַלע זענען ווי־דער געווען אויף די ערטער און די שיף האָט זיך איצט מוטיק געגרייט אויפצונעמען דעם פאַרשטאַרקטן קעגנער. די רוסישע עסקאַדרע איז איצט מחוץ די שוין פריער דערמאָנטע קריי־צערס באַשטאַנען פון נאָך צוויי שיפן: „ראָסטיסלאַוו" און „סינאָפּ". אַלע שיפן זענען איצט געגאַנגען מיטן פולן דאַמף, שניידנדיק ווילד די כוואַליעס פון ים. פאַר דער גאַנצער מאַנ־שאַפט פון „פּאָטיאָמקין" איז געווען קלאָר, אַז די צאַרישע עסקאַדרע גרייט זיך צו מאַכן אַן אָנפאַל. מאַטושטשענקאָ האָט דעריבער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו לאָזן דעם „פּאָטיאָמקין" גלייך אויף די שיפן. מיט דער גרעסטער קראַפט האָט זיך די פאַנצער־שיף געמאַכט אַ וועג און צוגעקומען נאָענט צו דער עסקאַדרע אויף אַ שטח פון הונדערט און פופציק מעטער. די מאַטראָסן זענען שוין געלעגן גרייט נעבן די האַרמאַטן, כדי ביים ערשטן סיגנאַל אַ שאָט צו טון מיט פייער, מאַטוש־טשענקאָ האָט שוין געוואָלט געבן אַ סיגנאַל. אָבער פּלוצלונג איז געשען אַזעלכעס, וואָס האָט אַלעמען אויפן „פּאָטיאָמקין" געמאַכט שטוינען און מ'האָט אין די ערשטע פאָר מינוטן נישט געוואוסט, וואָס דאָ קומט פאָר.

## 4.

אויף די דעקן פון די קעגנערישע שיפן האָט זיך אָנגע־הויבן עפּעס אַ מאָדנע באַוועגונג. די מאַטראָסן פון יענע שיפן האָבן אַלע אָנגעהויבן אַרויסצולויפן אויף די דעקן. ס'האָבן זיך געהערט געשרייען, אויסרופן, אָבער געניי, וואָס האָט מען נישט געקאָנט אונטערשיידן. ביסלעכווייז זענען אַלע דעקן פון די צאַרישע שיפן פול געוואָרן מיט מאַטראָסן. דער „פּאָטיאָמ־קין" האָט זיך ווייטער גערוקט פאָרויס און זיך אויסגעגלייכט

מיט די אַנדערע שיפן. ער איז געשטאַנען אין מיטן צווישן די פּיינטלעכע שיפן און זיינע אַרויסגעשטעקטע האַרמאַטן־פּיסקעס האָבן געוואָרנט און געדראָט.

די באַוועגונג אויף די שיפן איז אַלץ געוואָרן גרעסער. אין דער הויך, אויף די אויבערשטע טיילן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אַלע מאַטראָסן. פון „פּאָטיאָמקין" האָט מען גענוי געקאָנט אונטערשיידן זייערע געזיכטער און מ׳האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז געשען, צו וואָס זענען אַלע מאַטראָסן אַרויס אין דרויסן? הייסט עס, אַז מ׳האָט דאָרטן נישט בדעה צו שיסן. אפשר ווילן זיי ווידער פירן אונטערהאַנדלונגען?

אָבער מאַטושטשענקאָ כאַפּט זיך באַלד, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ער לויפט שנעל אַראָפּ צו די מאַטראָסן און שרייט אויס:

— חברים, אונזערע ברידער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיסן אויף אונז! זעט זיי באַגריסן אונז! פאַרלאָזט די האַרמאַטן! קומט אַרויס אויפן אויבערשטן דעק.

און באַלד איז דער אויבערשטער דעק פון „פּאָטיאָמקין" פול געוואָרן מיט מאַטראָסן און עס האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען:

— זאָל לעבן דאָס פרייע פאָלק! זאָלן לעבן די באַפרייטע מאַטראָסן! הוראַ! הוראַ!

און פון אַלע צאַרישע שיפן, וועלכע זענען געשטאַנען אַרום „פּאָטיאָמקין" האָט זיך דערהערט אַ מעכטיקער ענטפער:

— הוראַ! זאָל לעבן די פאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין!"

איבער דעם גאַנצן, ריזיקן ים־שטח האָט זיך געהערט אַ דונערנדיקער, מעכטיקער רוף פון פאַרברידערונג. פון ביידע זייטן האָט מען זיך באַגריסט, פאָכנדיק מיט די מאַטראָסן־היטלען. די מאַטראָסן אויפן „פּאָטיאָמקין" זענען אַזש הייזעריק געוואָרן פון די הוראַ־אויסגעשרייען. זיי האָבן פאַר התלהבות געטאַנצט און געזונגען.

אָנשטאָט דער דערוואַרטערטער שלאַכט איז אָנגעקומען אַן עקסטאַטישער מאָמענט פון מענטשלעכער פאַרברידערונג. אָנשטאָט קרעכצן פון פאַרוואונדעטע האָט זיך געהערט דער

באגייסטערטער געזאַנג פֿון באַפרייטע און זיגער. די וועלכע האָבן בייגעוואוינט דאָס דאָזיקע גראַנדיעזע בילד, גיבן איבער, אַז זיי זענען געווען שיכור פֿון באַגייסטערונג און עקסטאַז. הימל, וואַסער און מענטש זענען געוואָרן פֿאַרוואַנדלט אין איין ריזיקן אויסגעשריי פֿון פֿרייד און באַפרייאונג. די אויגן האָבן ביי אַלעמען געברענט, די געזיכטער — צעשטראַלט. מ׳האָט פֿאַרגעסן, אַז מ׳געפֿינט זיך אויף פּאַנצער־שיפֿן, וועלכע טראָגן אין זיך טויט און פֿאַרניכטונג. „איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די דאָזיקע אומבאַשרייבלעכע סצענע פֿון פֿרייד און יובל“, דערציילט איינער פֿון די אָנטיילנעמער אין בונט אויפֿן „פּאָטיאָמקין“.

ווי נאָר ס׳האָט זיך איינגעשטילט דער טריאומף־כ׳אַרש פֿון ביידע זייטן, האָט די צאַרישע עסקאַדרע פֿאַרקירעוועט צום אָדעסער פּאָרט. באַלד איז אויך „פּאָטיאָמקין“ אַוועק אין דער זעלבער ריכטונג. זעענדיק, אַז דער „פּאָטיאָמקין“ גרייט זיך אויך אַריינצושווימען אין אָדעסער פּאָרט און, מורא האָבנדיק, אַז די מאַטראָסן זאָלן נישט אַרוים אויפֿן ברעג, האָט די עסקאַדרע זיך אויסגעדרייט און גענומען שווימען אויפֿן אָפֿענעם ים צום האָריזאָנט צו. דאַמאָלס האָט דער „פּאָטיאָמקין“ זיך געלאָזט נאָך דער עסקאַדרע. איצט האָט מען שוין פֿאַר די צאַרישע שיפֿן נישט קיין מורא געהאַט. נאָך מער, איצט האָט מען געדאַרפֿט זיין אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט די צאַרישע שיפֿן. אָבער זעט אויס, אַז יענע אָפֿיצירן האָבן דערפֿילט די דאָזיקע געפֿאַר און האָבן גענומען שנעל אַנטלויפֿן. די מאַטראָסן אויף יענע שיפֿן זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די דעקן און געפֿאָכעט מיט די היטלען.

— זעט נאָר, איין שיף שטייט אָפּ! — האָט קאָוואַלענקאָ געמאַכט אויפֿמערקזאַם, — דאָס איז דער „געאָרגי פּאָביעדאָנאָסיעץ“. אַלע אַנטלויפֿן מיט דער גרעסטער שנעלקייט און ער פֿאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג.

אַלע פֿון „פּאָטיאָמקין“ האָבן זיך צוגעקוקט, ווי דער פּאָביעדאָנאָסיעץ“ טיילט זיך אָפּ פֿון די רעשט שיפֿן און בלייבט ענדלעך שטיין אויף אַ שטח פֿון צוויי הונדערט מע־

טער. פלוצלונג האָט מען פון דער דאָזיקער שיף דערזען אַ צייכן, וועלכער איז געגעבן געוואָרן מיט דער הילף פון די סעמאַפאָרן (צייכן־טעלעגראַף), דער „פּאָביעדאָנאָסיעץ״ האָט געמאָלדן, אַז ער שליסט זיך אָן אָן די צעבונטעוועטע מאַט־ראָסן פון „פּאָטיאָמקין״. ער וויל אָבער פריער זיך פאַרשטענ־דיקן וועגן די סיבות פון אויפשטאַנד.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך פון „פּאָטיאָמקין״ אַראָפּגעלאָזט אַ שיפל, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען מאַ־טושטשענקאָ, פעלדמאַן, קיריל און קאָשובאַ. באַלד זענען זיי צוגעקומען צום „פּאָבידאָנאָסיעץ״ וואו זיי זענען מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען געוואָרן דורך די דאָרטיקע מאַט־ראָסן. נאָך אַ קורצן שמועס מיט די פאַרשטייער פון „פּאָ־טיאָמקין״ האָבן די מאַטראָסן פון „פּאָביעדאָנאָסיעץ״ דער־קלערט זייערע אָפיצירן, אַז זיי זענען אַרעסטירט. די אָפי־צירן האָבן זיך אפילו נישט געפּרואווט אַקעגנשטעלן. אַ גע־וויסער טייל האָט זיך געשטעלט אויף די זייט פון די מאַט־ראָסן און געגעבן זייער ערנוואָרט מיטצוהעלפן אין דער שווער־סטער געפאַר.

— אונזער קראַפט פאַרגרעסערט זיך! — האָט מאַ־טושטשענקאָ דערקלערט, ווען ער איז צוריקגעקומען אויפן „פּאָ־טיאָמקין״.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אומצוקערן זיך צוריק אין אָדע־סער פּאָרט. דער „פּאָטיאָמקין״ האָט שוין איצט געהאַט אין זיין רשות נאָך אַ גרויסע פאַנצער־שיף, אַ טאָרפּעדאָ־שיף, אַ טאָרפּעדאָ־שיפל און די „וויעראַ״, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. דאָס איז שוין אייגנטלעך געווען אַ קליינער פלאָט און בעת אַ צוזאַמענשטויס האָט מען געקאָנט זיין זיכערער.

ווען דער „פּאָביעדאָנאָסיעץ״, דער נייער חבר אין קאַמף, איז פאַרבייגעשוואומען פאַרן „פּאָטיאָמקין״ האָבן אים אַלע מאַטראָסן אָפּגעגעבן מיליטערישן כבוד און אַן אָרקעסטער פון די מאַטראָסן האָט געשפּילט אַ פרייהייטס־הימן לכבוד דער

שיף, וואָס האָט זיך אויף אַזאַ לייכטן אופן באַפרייט פון צאַרישן פלאָט.

אין צוויי שעה אַרום איז „פּאָטיאָמקין" מיט זיינע באַגלייטער שוין געשטאַנען אין אָדעסער פּאָרט. פון „פּאָביעדאָנאָסיעץ" איז מען אַרויפגעגאַנגען אויפן „פּאָטיאָמקין". מ'האָט זיך איבערגעגעבן וועגן די איבערגעלעבטע איינדרוקן. די מאַטראָסן פון „פּאָביעדאָנאָסיעץ" האָבן דערציילט, אַז די אָפיצירן האָבן מורא געהאַט אָנצוהייבן צו פירן אַ קאַמף מיטן „פּאָטיאָמקין". עס זענען צווישן זיי פאָרגעקומען כסדרדיקע באַראַטונגען. ווען ס'איז אַרויס דער באַפעל צו שיסן, האָבן די מאַטראָסן דערקלערט, אַז זיי וועלן קיין אייגענע ברידער נישט הרגענען. „מיר האָבן צו זיי גאָרנישט", האָבן זיי געטענהט. די אָפיצירן האָבן אָנגעהויבן צו דראָען, הגם מיט זייער אַ שוואַכן טאָן, ווי זיי וואָלטן זיך געריכט אויף טרויעריקע פאָלגן. דאַמאָלס האָט זיך אָנגעהויבן דער בונט. אַלע האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו דערפילן די באַפעלן. מ'האָט געגעבן צו וויסן אויפן „פּאָטיאָמקין" און פון די פריערדיקע פיינטלעכע לאַגערן איז געוואָרן איין ברידערלעכע, קעמפנדיקע מחנה.

איצט איז מען ווידער געשטאַנען פאַר דער וויכטיקער אויפגאַבע פון קומען צוהילף די אָדעסער אויפשטענדיקע. מאַטושטשענקאָ האָט צונויפגערופן די קאָמיסיע, אין וועלכער ס'זענען אויך אַריין עטלעכע מאַטראָסן פון „פּאָביעדאָנאָסיעץ".

— די שטאָט אָדעס מוז איצט איבערגיין אין אונזער רשות, — האָט דערקלערט קיריל, — מיר וועלן אַזוי לאַנג שטורמען דאָס מיליטער, ביז וואַנען עס וועט זיך אונטערגעבן. דאַן וועלן מיר אַרויסשטייגן אין שטאָט און איבערנעמען די מאַכט.

— אָדעס מוז ווערן דער צענטער פון אונזער רעוואָלוציאָנערער באַזע, פון דאָרטן אויס וועלן מיר פּראָקלאַמירן אַ פרייע רוסלאַנד, — האָט צוגעגעבן דימטשענקאָ.

נאָך אַ לאַנגער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז באַלד אויף צומאָרגנס זאָל מען אָנהויבן צו באָמבאַרדירן די שטאָט. נאָך די ערשטע שאָסן זאָל אַרויסגעזועצט ווערן אויפן

בּרענג אַ גרעסערע גרופּע באוואָפנטע מאַטראָסן. די אויפ־שטענדיקע וועלן דאַמאָלס קומען צוהילף די מאַטראָסן און אַזוי אַרום וועט לייכט זיין צו פאַרטרייבּן דאָס צאַרישע מי־ליטער און בּאַהערשן די שטאָט.

און ווען די ערשטע זונען־שטראַלן האָבּן אַרויסגעקוקט פון אונטערן האָריזאָנט און בּאַגאָסן דעם ים מיט אַ שפּע פון גאָלדענע שפּריצן, האָבּן זיך די מאַטראָסן שוין בּאַוועגט אויף די לייטערס אַראָפּ און אַרויף און זיך געגרייט צו דער בּאַמבּאַדירונג פון דער שטאָט. עטלעכע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זענען געזעסן אין דער הויפּט־קאַיוטע און אַרויס־געגעבּן די בּאַפעלן. איצט האָט זיך דער עיקר געהאַנדלט וועגן טרעפלעכן צילן. מ׳האָט געדאַרפט טרעפן אין עטלעכע מילי־טערישע פעסטונגען. דאָן וואָלט זיך דער אָדעסער גאַרניזאָן תיכף אונטערגעגעבּן. דער שמועס איז איצט טאַקע געגאַנגען וועגן דעם, ווי אַזוי נישט צו פאַרפעלן אין ציל.

.5

פלוצלונג איז אין דער קאַיוטע אַריינגעלאָפן דימטשענקאָ, ער האָט שווער געאָטעמט, זיין מאַסיווער קערפּער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, ער האָט אָפּגעווישט פון זיך דעם שוויים, וועלכער איז אין גרויסע טראָפּנס אַרוים אויף זיין שטערן און זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול.

— צו אַלדי טייוול מיט אַזאַ שותּף! — האָט ער אויסגעש־שריגן און אַ שפּיי געטון פאַר זיך.

— וואָס איז געשען? — האָבּן אַלע פאַרוואונדערט גע־פרעגט.

— אַ פאַרראַט, חברים, דאָס איז שרעקלעך.

— אָבּער ווער האָט פאַרראַטן? — האָבּן אַלע מיט איין קול איבּערגעפרעגט.

און דימטשענקאָ האָט גענומען דערציילן:

— פון „פּאָבּיערענאָסיעץ" זענען געקומען עטלעכע מאַט־ראָסן און איבּערגעגעבּן, אַז דאָרטן האָבּן אַלע פאַרלוירן די קעפּ. מ׳האָט מורא, מ׳האָט חרטה אויף אַלעם און הערט —

דאָס טאָר נישט דערלאָזט ווערן — זיי ווילן צוריקפאָרן קיין סעוואַסטאָפּאָל. איר הערט אַ מעשה?

— אָבער ווען איז דאָס געשען?

— היינטיקע נאַכט. דער קאַפּיטאַן און עטלעכע אונטער־אָפיצירן האָבן אונטערגעהערט דעם עולם, געמאָלט אין די שוואַרצסטע פאַרבן דעם ווייטערדיקן גורל אונזערן, נו, האָבן זיך די מאַטראָסן דערשראָקן און די גרעסטע טייל האַלט אין איין שרייען: צוריק קיין סעוואַסטאָפּאָל.

אויף אַלעמען האָט די ידיעה געווירקט, ווי אַ דונער. דאָס איז געווען באמת שווידערלעך. גראָד דאַמאָלס, ווען מ׳האָט אַן בלוט־פאַרגיסונגען אָפּגעהאַלטן אַזאַ גלענצנדיקן נצחון איבערן צאַרישן פלאָט, ווען מ׳האָט זיך געגרייט צו באַפרייען די אָדע־סער באַפעלקערונג, אין סאַמע אָנהויב פון רעוואָלוציאָנערע מעשים — אַזאַ פאַרראַט!

מ׳האָט באַשלאָסן תיכף אַריבערצוגיין אויפן „פּאָביעדאָ־נאָסיעץ״ און צוריק אויפמונטערן דעם געפאַלענעם מוט פון די דאָרטיקע מאַטראָסן. פעלדמאַן, קיריל, מאַטושטשענקאָ און נאָך עטלעכע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן זיך אַריינ־געזעצט אין אַ שיפל און זענען צוגעשווימען צום „פּאָביעדאָ־נאָסיעץ״. באַלד נעבן דער לייטער האָט זיי באַגעגנט דער קאַ־פּיטאַן, וועלכער האָט געשוואוירן טריי צובלייבן די מאַטראָסן, און האָט מיט אַ שטרענגער, כמעט בייזער שטים, דערקלערט:

איך ווייס נאָך וואָס איר זענט אַהערגעקומען, אייער טרחה איז אַרויסגעוואָרפן. מיר אַלע האָבן באַשלאָסן זיך אָפּ־צוטיילן פון „פּאָטיאָמקין״ און זיך אומקערן צוריק צו אונזער פלאָט.

מאַטושטשענקאָ האָט נישט געלייגט דעם מינדסטן אַכט אויפן קאַפּיטאַנס רייד, ער האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך און אַלע זענען אַרויס אויפן דעק, וואו ס׳זענען געווען פאַר־זאַמלט די מאַטראָסן. דער קאַפּיטאַן האָט גענומען זידלען, אָבער ווען מאַטושטשענקאָ האָט אַרויסגענומען זיין רעוואָל־ווער און אים אָפּגעשטעלט אויפן קאַפּיטאַנס געזיכט, האָט יענער פאַרביסן די ליפּן און מער קיין וואָרט נישט אַרויסגע־רעדט.

צווישן די מאַטראָסן איז געוואָרן אַ באַוועגונג. זיי האָבן אַרומגערינגלט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע און גענומען שרייען:

— מיר ווילן צוריק קיין סעוואַסטאָפּאָל! דאָ דערוואַרט אונדז אַ זיכערער טויט!

פעלדמאַן און קיריל האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ קלאָץ און גענומען איבערשרייען דעם עולם. אָבער ס'איז שווער אָנגעקומען צו באַרואיקן די אויפגעברויזטע מחנה. ענדלעך האָבן זיך די מאַטראָסן באַרואיקט. בעת פעלדמאַנס רעדע האָבן זיך נאָך געהערט צווישנרופן און מורמלערייען, אָבער בעת קיריל האָט אָנגעהויבן צו רעדן האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ שטילשווייגן, זיין רעדע איז געווען אַ קורצע, זי האָט אָבער די מאַטראָסן עלעקטריזירט.

— מיר האָבן געטאַנצט פאַר פרייד, ווען מיר האָבן געזען, אַז איר טוט נאָך אונזער ביישפּיל. מיר האָבן אייך באַגריסט, ווען איר האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן אונזער רעוואָלוציאָנערע פאַנצער־שיף. צוזאַמען מיט אייך זענען מיר געוואָרן אַ גרויסע קראַפט און קיין שום שונא וועט אונדז נישט קאָנען באַזיגן. אין מאָמענט ווען מיר גייען שטורמען אָדעס, ווען מיר גייען באַפרייען אונזערע ברידער, ווילט איר אונדז אַריינרוקן אַ מעסער אין רוקן, ווילט איר אונדז אויף אַ מיאוסן אופן פאַרראַטן! אָבער געדענקט, חברים, אַז קודם כל פאַרראַט איר זיך, איר זעצט אַריין אַ מעסער אין אייער אייגן האַרץ אַריין!

— ער איז גערעכט! אַזוי איז עס! — האָבן זיך געהערט אויסרופן.

— זאָל ער נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ, מיר פאָרן צוריק קיין סעוואַסטאָפּאָל! — האָבן זיך געהערט איינצלנע שטימען.

— ניין, קיינער פון אונדז וועט נישט פאָרן קעגן דעם צארישן שטיוול! — האָבן געדונערט אַלע מאַטראָסן, — ער האָט גוט גערעדט, ער איז אונזער פריינט!

— זאָלן לעבן די חברים פון „פּאָטיאָמקין"! — האָט אַלץ געשריגן אין איין כאָר, — מיר וועלן זיי נישט פאַרלאָזן!

מיר זענען מיט אייך, חברים!

די שטימונג פון די מאטראסן האט זיך געענדערט. אלע האבן געהאלטן, אז מ'דארף בלייבן צוזאמען מיט „פאטיאמ־קין".

פלוצלונג איז צוגעגאנגען דער דאקטאר האלענקא, וועל־כער איז אויך מיטגעפארן מיט די מיטגלידער פון דער קא־מיסיע, און האט געבעטן א ווארט.

— צו וואס, — האט מאטושטשענקא אים געגעבן צו פארשטיין, — איר זעט דאך, אז מיר האבן געווירקט. צו וואס דארפט איר אויך רעדן? ס'איז נישט נויטיק.

אבער דער דאקטאר האלענקא האט זיך איינגעשפארט, אז ער וויל דורכאוים רעדן. און ווען ער האט גענומען דאס ווארט, זענען אלע מיטגלידער פון דער קאמיסיע געבליבן שטיין פארגליווערט און פארשטיינערטע. אויף אזא עקלהאפ־טע האנדלונג האבן זיי זיך נישט געריכט.

דער דאקטאר האט מיט א ליידנשאפטלעכער שטים אנ־געהויבן צו אגיטירן די מאטראסן, אז זיי זאלן טאקע צוריק־פארן קיין סעוואסטאפאל, ווייל דא איז די געפאר גרויס, ס'וועט אנקומען א גרויסע עסקאדרע און מ'וועט אלע מאט־ראסן דערשיסן. דאקעגן די, וועלכע וועלן אויסדריקן זייער חרטה, וועט מען שענקען דאס לעבן. האלענקא האט נאך צוגעגעבן, אז אויך די מאטראסן פון „פאטיאמקין" וועלן זיך מישב זיין און צוריקפארן.

מאטושטשענקא איז צוגעלאפן צום דאקטאר און אים אראפגעשלעפט פון קלאץ און אליין אנגעהויבן צו רעדן. זעט אויס, אז זיינע ווערטער האבן שטארקער געווירקט, ווי דעם דאקטארס, ווייל דער עולם האט ווידער גענומען שרייען:

— ניין, ניין, מיר וועלן קיין סעוואסטאפאל נישט פארן!

— ווער איז דערפאר, אז דער „פאביעדאנאסיעץ" בלייבט צוזאמען מיט „פאטיאמקין"? — האט מאטושטשענ־קא א פרעג געטון.

אלע הענט האבן זיך אויפגעהויבן, אלע האבן געשריגן:

„מיר זענען דערפאר! מיר זענען דערפאר!"

זעענדיק, אז די לאגע איז א זיכערע, איז די קאמיסיע

צוריקגעפאָרן אויפן „פּאָטיאָמקין“ און אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די געפערלעכע שטימונגען, וואָס האָבן באַהערשט די מאַטראָסן. אין אַ שעה אַרום איז פּלוצלונג געקומען אַ דעלעגאַציע פון „פּאָביעראָנאָסיעץ“ און דערקלערט, אַז זיי ווילן האָבן בײַ זיך אַן אָפיציר פון „פּאָטיאָמקין“, דערבײַ האָבן זיי נאָר געפאָדערט, אַז דאָס זאָל זיין דער דאָקטאָר האַלענקאָ.

און דאָ איז געשען אַ פאַטאַלער פעלער, וואָס האָט געשטעלט אין קאָן דעם גאַנצן אויפשטאַנד. מ׳האָט אָן שום איבערטראַכטונג מסכים געווען מיט דער דאָזיקער פאָדערונג. „איר ווילט דעם דאָקטאָר האַלענקאָ, זאָל זיין!“ האָט דערקלערט מאַטושטשענקאָ און ווען קיריל האָט אים דערמאָנט וועגן דאָקטאָרס פאַררעטערישע רעדע, האָט זיך מאַטושטשענקאָ דערפון אויסגעלאַכט און געזאָגט:

— אויב ער וועט זיי ווידער וועלן צורעדן צו פאָרן קיין סעוואַסטאָפּאָל, וועלן זיי אים אַרײַנוואַרפן אין וואַסער אַרײַן. די מאַטראָסן פון „פּאָביעדאָנאָסיעץ“ זענען מיט אונז.

ס׳זענען פאַרבײַ עטלעכע שעה. אויפן „פּאָטיאָמקין“ האָט מען נאָך אַלץ אַרומגערעדט די לעצטע געשעעניש. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן מיט אַ גרעסערער גרופּע באַוואָפנטע מאַטראָסן אַרויפצוגיין אויפן „פּאָביעדאָנאָסיעץ“ און אַרעסטירן אַלע אונטעראָפיצירן, וועלכע אַגיטירן פאַר צוריקפאָרן קיין סעוואַסטאָפּאָל. מ׳האָט שוין אָנגעהויבן זיך גרייטן אויסצופירן דעם דאָזיקן באַשלוס, אָבער פּלוצלונג האָבן אַלע מיט שטוינונג דערזען, ווי אויפן „פּאָביעדאָנאָסיעץ“ הויבט מען אויף דעם אַנקער און איידער מ׳האָט באַוויזן עפּעס צו טון, האָט די פאַררעטערישע שיף גענומען שווימען אויפן אָפענעם ים אַרויס.

— דאָס איז האַלענקאָס אַרבעט! — האָט קיריל אויסגעשריגן, — ער האָט די מאַטראָסן איבערגערעדט. דאָס פאָדערן אים אַהין איז געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך.

מאַטושטשענקאָ האָט איינגעזען, אַז ער האָט געטון אַ פעלער, אָבער איצט איז שוין שפּעט געווען דעם פעלער צו פאַרריכטן. דער „פּאָביעדאָנאָסיעץ“ איז שוין געווען אויפן

אָפֿענעם ים און געשוואוּמען מיט דער גרעסטער שנעלקייט.
— נאָכיאָגן! אָנשטעלן די הארמאטן! — האָט זיך גע־הערט א קאָמענדע.
אויפֿן „פּאָטיאָמקין“ האָט זיך אָנגעהויבן א געוואלדיקע באוועגונג, ווי מ'וואָלט זיך געגרייט צו א שלאכט. די מאט־ראָסן זענען אַלע אוועק אויף די אָנגעוויזענע ערטער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אלארם־סיגנאלן צום קאמף. דער טעלעגרא־פיסט האָט כסדר געגעבן צייכנס צום „פּאָבּיעדאָנאָסיעץ“, אז ער זאָל זיך אָפּשטעלן און געוואָרנט, אז אויב ער וועט נישט בלייבן שטיין, וועט מען לאָזן אויף אים פייער. ס'זע־נען פאַרביי עטלעכע מינוט פון פיינלעכער דערוואַרטונג. ענד־לעך האָט זיך דער „פּאָבּידאָנאָסיעץ“ אָפּגעשטעלט און באלד ווידער גענומען גיין אין דער ריכטונג צום „פּאָטיאָמקין“.
— ער גיט זיך אונטער! ער האָט חרטה! — האָט מען אויפֿן „פּאָטיאָמקין“ טריאומפירט.
אָבער פלוצלונג זענען אַלע דערשטוינט געוואָרן. וואָס איז דאָס? דער „פּאָבּיעדאָנאָסיעץ“ איז פאַרבייגעשוואוּמען פאַרן „פּאָטיאָמקין“. נישט אָפּשטעלנדיק זיך איז ער ווייַ־טער צוגעשוואוּמען צו אָדעס, אריין אין פּאָרט און דאָרטן זיך פאַראַנקערט. „פּאָטיאָמקין“ איז געבליבן אויפֿן אָפֿענעם ים.
איצט איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן דער פאַררע־טערישער מאַנעוור פון „פּאָבּיעראָנאָסיעץ“. ער איז אריינגע־שווימען אין פּאָרט, כדי אָפּצושניידן „פּאָטיאָמקין“ פון אָדעס און אָפּהיטן, אַז די רעוואָלוציאָנערע שיף זאָל זיך נישט צו־קריגן צו דער שטאָט. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ארויסגעזאָגט קאָוואַלענקאָ. די רעשט מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן מיט אים נישט געוואָלט מסכים זיין. אָבער אָט האָט מען דורך די לאָרנעטעם באמערקט, ווי באלד זענען פון ברעג אָפּ־געשוואוּמען עטלעכע מיליטערישע זעגל־שיפן און ארומגע־רינגלט דעם „פּאָבּיעדאָנאָסיעץ“. די אָדעסער מיליטער־לייט זענען ארויף אויף ד ער קריגס־שיף און אָנגעהויבן אָבסערווירן דעם „פּאָטיאָמקין“. אויפֿן ברעג האָט מען אָנגעהויבן צו מאַכן מיליטערישע צוגרייטונגען.

— מיר האָבן נישט קיין אַנדער בּרירה, ווי אָנצוהויבן באַשיסן דעם „פּאָבּיעדאָנאָסיעץ" ! — האָט מאַטושטשענקאָ דערקלערט, — פאַר אַזאַ פאַרראַט מוזן מיר אים דערטרינקען צוזאַמען מיט אַלע מאַטראָסן, זאָלן זיי אומקומען די פאַר־רעטער !

— אויסקוילענען זיי ! צושמעטערן די שיף ! — האָבן זיך דערהערט שטימען.

אָבער די גרעסטע טייל מאַטראָסן איז געווען אין אַ דער־שלאָגענער שטימונג. באַשיסן דעם „פּאָבּיעדאָנאָסיעץ" איז געווען אוממעגלעך, ווייל די קוילן וואָלטן אויך געקאָנט טרעפן אין שטאָט אַריין און אָנמאַכן גרויסע שאָדנס. דער פאַרראַט פון דער דאָזיקער שיף האָט בּיי אַלעמען צוגענומען דעם מוט. דער פּראָוויאַנט אויף דער שיף האָט זיך שוין געהאַלטן בּיים אויסלאָזן. קיינער האָט נישט געוואַגט צו זאָגן מיט אַ דרייס־טער שטים, אַז מ׳זאָל פירן אַ קאַמף מיטן פאַררעטערישן „פּאָ־בּיעדאָנאָסיעץ".

ס׳האָבּן זיך דעריבּער דערהערט מיינונגען, אַז מ׳זאָל אַרויספאָרן פון די רוסישע וואַסערן און צופאָרן צו אַ רומע־נישן פּאָרט. מ׳האָט צונויפגערופן אַלע מאַטראָסן, כּדי אויסצו־הערן זייער מיינונג : פאָרן קיין רומעניען, אָדער אַריינלאָזן זיך אין אַ געפערלעכן קאַמף. מיטן „פּאָבּיעדאָנאָסיעץ", וועלכער געפינט זיך אין פיל בּעסערע סטראַטעגישע בּאַדינגונגען ?

— ס׳איז נישטאָ קיין בּרירה, — האָבּן זיך געהערט שטימען, — דאָ איז געפערלעך צו פאַרבּלייבּן. אין רומעניען וועלן מיר ווייטער קאָנען פירן אונזער קאַמף מיטן צאַר. פאַר די פיר און צוואַנציק טויזנט רובּל, וועלכע געפינען זיך אויף דער שיף, וועלן מיר קויפן עסנוואַרג און געווער. דאָרטן וועלן מיר קאָנען אויסהאַלטן.

די פאַרזאַמלונג האָט סוף כּל סוף בּאַשלאָסן אָפּצו־פאָרן קיין רומעניען און בּאַלד איז אַרויס אַ בּאַפעל אָפּצו־שווימען אין דער ריכטונג פון רומענישן פּאָרט, קאָנסטאַנציע. מ׳האָט געגעבּן אַ צייכן דעם טאָרפּעדאָ־שיפל און די „וויערא", אַז זיי זאָלן נאָכפאָרן נאָכן „פּאָטיאָמקין".

עטלעכע שעה זענען די רעוואָלוציאָנערע מאַטראָסן גע־שוואומען אויפן אָפענעם ים און פּלוצלונג האָט דימטשענקאָ באַמערקט, אַז די „וויערא“ איז נישטאָ. אַ נייער פאַרראַט! מ׳איז אַרויף אויפן העכסטן בריקל און זיך גענומען אומקוקן אויף אַלע זייטן, אָבער די שפּיטאָל־שיף איז אין ערגעץ נישט געווען צו באַמערקן. פון אַלעמענס ברוסט האָט זיך אַרויס־געריסן אַ קללה אויפן אַדרעס פון דעם נייעם פאַרראַט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז די „וויערא“ האָט זיך אומבאַמערקט אָפּ־געטיילט פון „פּאָטיאָמקין“ און צוגעשוואומען צום אָדעסער פּאָרט, וואו ס׳איז געשטאַנען דער „פּאָביעדאָנאָסיעץ“. די מאַטראָסן זענען אַרומגעלאָפן אויפגערעגטע און דענערווירטע און האָבן געשריגן:

— מיר וועלן נאָך אָן זיי נקמה נעמען! מיר וועלן ווי הינט דערשיסן, אָט די פאַררעטער!

נאָך אַ דרייטאָגיקער רייזע איז „פּאָטיאָמקין“ אָנגעקו־מען קיין קאָנסטאַנציע. ער איז נישט אַריינגעפאָרן אין פּאָרט אַריין, נאָר געבליבן שטיין צוויי קילאָמעטער פון ברעג, באַלד זענען צו דער פאַנצער־שיף צוגעפאָרן עטלעכע שיפ־לעך מיט רומענישע אָפיצירן. לכתחילה האָט מען אויפן „פּאָ־טיאָמקין“ געמיינט, אַז די רומענישע מאַכט וועט זיי אויפ־נעמען פיינטלעך און הייסן פאַרלאָזן די רומענישע וואַסערן. אָבער ווי פאַרוואונדערט זענען אַלע געוואָרן, ווען די אָפיצירן האָבן וואַרעם באַגריסט די מאַטראָסן און זיך אויסגעפרעגט וועגן די פריערדיקע געשעענישן. גלייכצייטיק האָבן זיי צו־געזאָגט, אַז זיי וועלן נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער העכע־רער מאַכט דערלויבן די מאַטראָסן אַראָפּצוגיין אין שטאָט אַריין, כדי איינצוקויפן פּראָוויאַנט און אַלע אַנדערע נויטיקע זאַכן.

— אונזער קוילן־זאַפּאַס גייט אויס! מיר האָבן קוים צו עסן אויפן היינטיקן טאָג און דאָס אויך פאַרשימלטע סו־כאַרעס מיט פאַרדאָרבן וואַסער.

— מיר וועלן טון אַלץ, וואָס וועט נאָר זיין מעגלעך.
און די אָפיצירן זענען אָפּגעשוואומען צוריק אין שטאָט.

מיט אומגעדולד האָבן די מאַטראָסן געוואַרט אויף זייער צוריקקער. אין צוויי שעה אַרום זענען די אָפיצירן צוריק־געקומען, אָבער מיטגעבראַכט נישט קיין פרייליכע בשורה.

— מיר האָבן זיך טעלעגראַפיש געווענדט צום פּרעמ־יער־מיניסטער, — האָבן זיי איבערגעגעבן, — דער פּרעמיער האָט געענטפערט, אַז צוליב די אינטערנאַציאָנאַלע מנהגים קאָן ער די מאַטראָסן נישט אַראָפּלאָזן אין שטאָט אַריין איינקויפן פּראָוויאַנט. ער קאָן דאָס טאָן מיט איין תנאי: די מאַטראָסן זאָלן איבערגעבן די פּאַנצער־שיף אין רשות פון דער רומענישער מאַכט. דאַמאָלס וועט ער זיי דערלויבן צו באַ־טרעטן די רומענישע טעריטאָריע און אפילו זיי געבן אויס־לענדישע פּאַספּאָרטן.

— וואָס? אָוועקגעבן אונזער מאַכט, אונזער פּאַנצער־שיף? האָט מאַטושטשענקאָ אויסגערופן, — פאַר קיין שום פּרייז אין דער וועלט!

אויך די גאַנצע קאָמיסיע און אַלע מאַטראָסן האָבן פייערלעך דערקלערט, אַז זיי וועלן אויף אַזאַ פאָרשלאָג נישט איינגיין.

— מיר וועלן אונזער „פּאָטיאָמקין" נישט פאַרראַטן! ניין, ניין! — האָבן די מאַטראָסן געשריגן.

די קאָמיסיע איז זיך ווידער צונויפגעקומען און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צוריק אָפּצושווימען אין די רוסישע וואַ־סערן. אַלס דאָס באַקוועמסטע אָרט פון פאַראַנקערן איז אויס־געקליבן געוואָרן די קאַווקאַזער שטאָט פעאָדאָסיע. אין קאַוו־קאַז, וואו די באַפעלקערונג איז געווען פיינטלעך געשטימט קעגן צאַר, איז מען געווען זיכערער.

ביים ברעג פון פעאָדאָסיע האָט די באַפעלקערונג מיט הילכיקע הורא־אויסגעשרייען באַגעגנט די מידע, אויסגעהונ־גערטע מאַטראָסן. פון דער שטאָט האָט מען אַרויפגעבראַכט אויף דער פּאַנצער־שיף גאַנצע פּעק מיט פּראָוויאַנט און די מאַטראָסן האָבן נאָך עטלעכע טעג טרינקען געזאָלצן וואַ־סער, געזופּט מיט פרייד דאָס קוועליקע, קאַווקאַזער וואַסער. אין די הערצער פון די מאַטראָסן האָט ווידער אויפגעוואַכט

די פריערדיקע האַפּנונג און מ׳האָט שוין געגלויבט, אַז פּעאַ־דאָסיע וועט זיין די באַזע פון די אויפשטענדיקע מאַט־ראָסן.

אָבער אָט איז געשען אַ שוידערלעכער פאַקט, וואָס האָט געקאָסט דאָס לעבן פון צוויי מיטגלידער פון דער מאַנשאַפט. אַ גרופּע מאַטראָסן איז אַוועק אין שטאָט איינקויפן אַ טראַנ־ספּאָרט קוילן. באַלד נאָך זייער אַוועקגיין האָט זיך נעבן ברעג באַוויזן אַ קליין טאָרפּעדאָ־שיפל, וואָס האָט גענומען באַשיסן דעם ריזיקן „פּאָטיאָמקין״. פאַרשטייט זיך, אַז די קוילן האָבן דער פּאַנצער־שיף ווייניק וואָס געשאַדט. אויפן „פּאָטיאָמקין״ איז געוואָרן אַ רעש. מ׳האָט זיך געגרייט צוריק אָפּצוענטפערן, אָבער פריער האָט מען געדאַרפט וואַרטן, אַז די חברים, וועלכע זענען אַוועק אין שטאָט, זאָלן זיך אומקערן. אָבער ווי נאָר די גרופּע מאַטראָסן איז צוגעקומען צום ברעג און געוואָלט זיך איינזעצן אין שיפלעך, כדי אָפּצושווימען צו דער פּאַנצער־שיף, זענען פון אַ באַהעלטעניש אַרויס עטלעכע צענדליק זעלנער און גענומען באַשיסן די מאַטראָסן. צוויי מאַטראָסן זענען באַלד אויפן אָרט געהרגעט געוואָרן און עטלעכע זע־נען שווער פאַרוואונדעט געוואָרן.

— מען מאָרדעט אונז דאָ! — האָבן די מאַטראָסן גע־שריגן, — לאָמיר נעמען שטורמען די שטאָט! אַ באַרג אַש מאַכן פון פעאָדאָסיע!

אַ סך זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז מ׳זאָל אָנהויבן צו באַשיסן די שטאָט און נקמה נעמען פאַר דעם טויט פון די צוויי חברים. אָבער קאָוואַלענקאָ, וועלכער איז שטענדיק גע־ווען אַ רואיקער און איבערגעלייגטער, האָט אויפגעקלערט, אַז דאָס וועט בלויז ברענגען שאָדן דער ציווילער באַפעלקערונג.

— די ציווילע באַפעלקערונג איז דאָך אויף אונזער זייט. זי איז דאָך לחלוטין נישט שולדיק אין די מאָרד־טאַטן פון מיליטער. אויב מיר וועלן שיסן אויף דער שטאָט, וועלן פאַלן אומשולדיקע מענטשן. דאָס מיליטער וועט זיך ווּיסן וואו צו באַהאַלטן.

— אויב אזוי, — האָבן זיך געהערט שטימען, — האָבן מיר דאָ נישט וואָס צו טון, פאָרן מיר צוריק קיין רומעניע! נישטאָ קיין אנדער ברירה, ווי איינגיין אויף די באַדינגונגען פון רומענישן פרעמיער.

— אוועקגעבן די פאַנצער־שיף? אָ, ווי שרעקלעך! — האָבן אַ סך מאַטראָסן פאַרבראָכן מיט די הענט.

און נאָך לאַנגע באַראַטונגען איז באַשלאָסן געוואָרן אויפ־צוהויבן דעם אנקער און אָפּצושווימען נאָכאַמאָל קיין קאָנ־סטאַנציע.

* * *

ווען „פּאָטיאָמקין" איז דעם פיר און צוואַנציקסטן יוני אָנגעקומען אין פּאָרט פון קאָנסטאַנציע, האָבן ביי אַ סך מאַטראָסן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. אַ סך האָבן וואַקלנדיק, מיט שווערע טריט, פאַרלאָזט די פאַנצער־שיף, אויף וועלכע זיי האָבן צען טעג געפירט אַזאַ העלדישן קאַמף. יעדער איינער האָט מיטגענומען עפּעס אַן אָנדענקונג פון דער שיף. אפילו אַ טשוואָק איז געווען טייער ביי יעדן. אַראָפּ־קומענדיק אויפן ברעג, האָבן אַלע מיט אומעטיקע אויגן און באַהאַלטענע זיפצן באַטראַכט דעם ריזיקן קאָלאָס, פון וועלכן די רומענער האָבן אַראָפּגענומען די רויטע פאָן, די פאָן וועלכע האָט במשך פון די צען היסטאָרישע טעג געפלאַ־טערט איבער „פּאָטיאָמקין". איבער דער פאַנצער־שיף איז איצט אַראָפּגעהאַנגען די רומענישע פאָן.

שטילשווייגנדיקע, נישט קאָנענדיק אויסרעדן קיין וואָרט, זענען אַלע אַוועק אין שטאָט, איבערטוענדיק זיך אין ציווילע קליידער.

אין עטלעכע טעג האָבן עטלעכע רוסישע קריגס־שיפן אוועקגעפירט „פּאָטיאָמקין" צוריק אויף די רוסישע וואַסערן.

די צען היסטאָרישע טעג האָבן זיך געענדיקט, די טעג פון 14־טן ביזן 24־טן יוני 1905!

